# טורקה

## ספר זכרון

תשכ"ז
הוצאת אירגון
יוצאי טורקה

# יד לעיירה

אבדה יהדות פולין ונחתם גורלה; עמה נחתם גורל יקירינו בעיירתנו טורקה ע"נ סטרי. מאז העידן המר והנמהר, עת עלה הכורת על עריסת ילדותנו, עברו עשרים שנה ומעלה, אך קול דמי אחינו זועק אלינו מגיא ההריגה.

וצווינו אנו, המעטים שנשארנו לפליטה, להציב יד לעיירה ולקדושיה, למען לא ייתם זכרם; ונעשה הדבר בצורת ספר הזיכרון, אשר לפנינו.

ברטט וביראת כבוד ניגשנו למלאכת הקודש להוציא לאור את הספר, ובלבנו החשש, שמא דלי־לשון אנו ואין ביכולתנו להביע ולהקיף את מסכת החיים הנפלאה של עיירתנו בטרם חורבן, וכן, ובעיקר, את עצמת הכיליון, שירד על חיים אלה. אולם, אם הצלחנו לחשוף ולמסור אף חלק מזער מפרשת טורקה — טוב שלא ויתרנו על המשימה.

ויספרו פרקי הספר על חיים מפכים ותוססים, עת עמדה עדיין הקריה הנאמנה, קהילת טורקה ובנותיה, על תילה; על יהודים שלמים ויראי־שמים, ישרי־דרך ונדיבי־לב; על יהודים נדירים, נאים וחסונים בגופם, כעץ וצמח השדה מסביבם; אכן, השתקפו בהם יפי הנוף וחן הטבע...

על בני־נעורים שואפי חרות ומחפשי תיקון עם ועולם, שפעלו והתלבטו; על חלומות ומאוויים, שנרקמו ונתגשמו — וגם נמוגו...

ועל החורבן והשואה, שפקדו את העיירה, כפי שפקדו את כל בית ישראל; עדה שלמה נכרתה מספר החיים! על אנקת תינוקות, שהושלכו חיים אלי קבר; על „שמע־ישראל", שזעקו יהודים על עברי־פי־פחת. אכן, יואר מחדש נתיב הייסורים, בו צעדו יקירינו את מצעדם האחרון.

ויתמזגו פרקי הייסורים של ערי ישראל ושל עיירתנו, והיו למגילת אש גדולה, שתצרוב בבשרם החי של משמידי עמנו, להיות להם לאות קין — לקלון ולדיראון עולם!

כל עוד התהלכנו בקרב אנשינו, לא הערכנום כראוי; עמדנו על טיבם רק לאחר שאיבדנום... ישמשו-נא, על-כן, עלים אלה למצבה ולנר-תמיד לדמויות שנעקרו מקרבנו, ויהיו למקור של השראה, של גאווה ושל תפארת לנו ולבנינו אחרינו. נעיין בהם ונהפוך בהם ביחידות ובצוותא. ויזהרו מהם נשמות הקדושים כזוהר הרקיע — ויהיה שלום לעפרם.

ה מ ע ר כ ת

## דעם שטעטל א דענקמאל

פארלענדט איז דאס פוילישע יידנטום און פארזיגלט איז זיין גורל; מיט אים אויך דער גורל פון אונזערע אייגענע און טייערע אין אונזער שטעטל טורקאביים טייך סטרי. און כאטש זייט דער דאזיקער ביטערער תקופה, וואס האט זיך ווי א האק אראפגעלאזט אויפן ווינגל פון אונזער קינדהייט, זענען שוין פארלאפן מער ווי צוואנציק יאר — הערט אבער נישט אויף צו שרייען צו אונז פונם שחיטה-פעלד דאס בלוט פון אונזערע פארפייניקטע ברידער און שוועסטער.

מיר, די שארית הפליטה, די וועניק לעבנסגעבליבענע, האבן זיך דערפילט אחריותפול אויפצושטעלן א דענקמאל אונזער שטעטל און אירע קדושים. און אט דער דאזיקער בוך, וועמענס בלעטער מיר עפענען מיט די דאזיקע ווערטער, זאל עס דערפילן אונזער חוב און שליחות.

מיט יראת־כבוד און אינערלעכער דערשיטערונג זענען מיר צו־געטראטן צו דער דאזיקער הייליקער ארבעט, צו פארעפנטלעכן דעם דאזיקן בוך, כאטש אין הארצן האבן גענאגט די זארג און דער ספק: ווער ווייסט, אפשר זענען מיר צו־ארעם אין שפראך און אין פארב, כדי צו באנעמען, שילדערן און ברענגען צום פולסטן אויסדרוק דעם וווּנדערלעכן לעבנסוועג פון אונזער שטעטל ביז דעם חורבן און דעם גורל, וואס האט דאס־דאזיקע לעבן פארשניטן. אויב, אבער, האט זיך אונז איינגע־געבן צו אנטפלעקן און אויסצודריקן אפילו א קליינעם טייל פון דער דאזיקער שליחות — האלטן מיר פאר בארעכטיקט אונזער אונטערנעמונג.

זאלן די קאפיטלען פונם דאזיקן בוך דערציילן פון א שפרודלדיק, ברויזנדעס לעבן פון שלימותדיקע, יראי־שמימדיקע, גוטע און ווייך־הארציקע יידן. יידן ווי בוימער אין פעלד, טיף־וואָרצלדיקע, צעוואקסענע און צעצווייגטע, צעגרינטע מיט דער שיינקייט און חן פון דער נאטור און לאנדשאפט... פון א יידישער יוגנט, א שטרעבנדיקע צו באפרייאונג פון איר דור; א יוגנט, א זוכנדיקע און א לעבצנדיקע נאך א תיקון, נאך אן אויפריכטונג פארן פאלק און פאר דער וועלט... א יוגנט אין גערא‏נגל פאר חלומות און באגערן, וועלכע זענען טיילווייז פארווירקלעכט געווארן און טיילווייז אויך צערינען און צעשטויבט...

זאלן די בלעטער דערציילן וועגן חורבן און אונטערגאנג, וואס איז אונזער שטעטל באשערט געווען צוזאמען מיטן גאנצן בית־ישראל אין שאטן פון דער נאצישער שליטה און גזירה... פון אן עדה, וואס איז אויסגעמעקט געווארן פון ספר־החיים... פון קרעכצנדיקע קינדערלעך, וועלכע זענען לעבעדיקערהייט געשליידערט געווארן אין קבר אריין... וועגן „שמע־ישראל"־אויסרופן פון יידן איבער צעעפנטע תהומותדיקע גריבער... זאלן די דאזיקע בלעטער אויפסניי באלויכטן דעם יסורים־וועג, וועלכן ס'האבן באטרעטן אונזערע טייערע אין זייער לעצטן גאנג... און זאלן די דאזיקע יסורימדיקע שורות פון אונזער בוך זיך צעבלעטערן

אין איין גרויסער פייער-מגילה, וואס זאל בריען און ברענען אין לעבע-דיקן פלייש פון די פארניכטער פון אונזער פאלק, און זאל אויף אייביק צייכענען זייער שטערן מיט קינס זינד און שאנדע...



כל-זמן מיר האבן געאטעמט צווישן אונזערע אייגענע, האבן מיר זיך ניט פארטראכט אין א געהעריקער אפשאצונג פון זייער כלל און דעם יחיד אין אים. ערשט יעצט, שוין נאך זייער אומקום, האבן זיי אויפגעבלענדט אין אונזערע געמיטער מיטן גאנצן חן פון זייער העלער, אויפגעלויכטענער גוטסקייט... זאלן, דעריבער, די דאזיקע בלעטער זיין א ווירדיקע מצבה און נר-תמיד די דאזיקע ליבע, אייגנבלוטיקע געשטאלטן, וועלכע זענען אזוי אכזריותדיק ארויסגעריסן געווארן פון צווישן אונז... זייער שעפעריש לעבן און קידוש-השמדיקער טויט וועלן זיין א קוואל פון באגייסטערונג, באוווּנדערונג און אויפגעגלאנצטן שטאלץ פאר אונז, אונזערע קינדער, ביז אין די ווייטסטע דורות...

און אין ביחידותדיקער איינזאמקייט ווי אין קאלעקטיוון צוזאמענ-טרעף וועלן מיר מישן די דאזיקע בלעטער און באחנען אונזער ווייטערדיקן קיום אין דער אויפגעטויכטער, הימלישער צעשטראלקייט פון די נשמות פון אונזערע קדושים...

זאל זיי גרינג זיין די ערד און זאל זייער רו געשיצט ווערן אין דער אייביקייט.

ד י  ר ע ד א ק צ י ע

מיכאל הייזלער

# איך וועל אייך קיינמאל נישט פארגעסן

כ׳וואלט שוין לאנג פארגעסן ס׳ארט מיין געבוירן...
אבער ווו יידיש בלוט גערינט האט הפקר אין גאסן,
און דארט האב איך מיינע נאנטסטע פארלוירן —
קאן איך אייך שוין יעצט קיינמאל פארגעסן.

יארן זיי גייען, זיי לויפן געשווינד —
און דאך אלעס פארבליבן אין זיכרון.
ס׳דאכט זיך, אייער שטים הער איך אצינד,
כ׳זע אייך צוריק, ווי מיט יארן...

אמאל זע איך אייך פריילעך, צושטראלט פון גליק,
מיט אייך אין פרייד — מיר שפאנען צוזאמען;
און אמאל ווערט עפעס פארשטארט מיין בליק —
כ׳זע שוין געהילט אייך אלע אין פלאמען...

אין ריח פון פעלדער, ביים ליכטיקן שיין —
שפיר איך נאך איצט גאז אייך דערשטיקט.
ס׳יאגט מיך נאך דער קול אייער געוויין —
איך זע ווי ערד אייך לעבעדיק פארשיט...

איך קלעטער אין געדאנק איבער בערגער און טאל,
כאטש טרעפן א סימן פון אייער געביין;
כ׳האב אייך געפונען אין הערצער ישראל
אין אייגענער היים, ביי זיך שוין אליין...

**צביה נגלר־צמרי**
קיבוץ מרחביה

# תמונות מנוף ילדותי



עיר מולדתי טורקה צפה ועולה לנגד עיני; הזיכרונות, כפי שנרקמו ונטבעו בי בשנות ילדותי, וזהרם לא הועם בלבי במרוצת הימים עד סיפורי השואה ונוראותיה.

לא ראיתי את טורקה מאז עלותי ארצה בשנת 1926. למעשה, גם בשנים שלפני כן היתה שהותי בה מפוצלת, לשנות גלות כפליטים בתקופת מלחמת־העולם הראשונה, ואח"כ בזמן לימודי בעיר אחרת, אולם תמונות ומראות בלתי נשכחים שמורים עמי, והם חלק מהותי של ישותי.

## העיירה

הנה מרכז העיירה ורחובה הראשי „די איליצע" על החנויות, על פינות המלאכה והפונדקים הרבים, ועל עירותם המרובה של תושביה היהודים. והשאון גובר בימי־שוק וירידים, כאשר משבעים ושתיים כפריה זרמו איכרים ואיכרות בלבושם הססגוני, ברכב וברגל, טעונים תוצרת משקיהם, למכירה או לחליפין. הרחוב נתמלא המולתם של בני־אדם ושל קולות בעלי החיים למיניהם המובלים לשוק המרכזי. בימים אלה באו על סיפוקם החנוונים ובעלי המלאכה, כשה„שפע" הציף אותם; ועם ערב יכולת לראות את האיכרים השתויים למחצה — או למעלה מזה — החוזרים לכפריהם, עמוסים סחורות החליפין, והחנוונים מסכמים רווח של יום מוצלח.



שנות ילדותי הראשונות שזורות וארוגות בנופה ההררי של „טורקה עילית" (gorna Turka), שכונה מעורבת של יהודים חקלאים־למחצה ושל איכרים אוקראינים. השכונה נקראה אחר כך „רח' לגיונוב", אולי בזכות הפקידות הפולנית, שהתגוררה בחווילות הנאות, מוקפות גנים מטופחים, ובהמשכו עבר בהדרגה לבקתות־איכרים, שחצרותיהם מגודרות ומוצלות עצים, ובאר במרכז. מאחורי

הבקתות ובנייני המשק נמשכו שבילים לגני הירק והשדות. בתי היהודים, שדומים היו, בדרך כלל, לשל שכניהם, קרובים היו לדרך המלך, וזעיר פה וזעיר שם נראתה חנות מכולת וסידקית בחזית.

היחסים בין התושבים היו תקינים ויש שהיו אף טובים מאוד וידידותיים. בני שני העמים ידעו מקרוב את ההווי של שכניהם בני „הדת האחרת". „הגויים" הכירו יפה את מנהגי היהודים, את חגיהם ומועדיהם, ולא זילזלו חלילה במטעמים ובכיבודים המסורתיים. היו ביניהם שהבינו ואף היטיבו לדבר יידיש.



רחבת העירייה ביום שוק (יום רביעי בשבוע)
דער רינעק אין א מארקטאג

בדרך מן העיר, בואכה הכפרים, גרו יהודים־חקלאים, אשר הם ובניהם עסקו בעבודת האדמה, בגידול פרות, צאן וסוסים לצורכי עצמם. היו אלה יהודים חסונים ושלווים. בוקר, בוקר ראית אותם צועדים עם כדי החלב „העירה" אל לקוחותיהם הקבועים. התבלטו ביניהם סוחרי־הסוסים, שהתגוררו בשכונה, וחלקת־אדמה ברשותם; אנשים נועזים ועשויים לבלי חת, שושלת ענפה, שעיסוקם עבר מאב לבן. השם „די קאניערעס" (סוחרי סוסים) היה לשם דבר. בימי הירידים הצטיינו קאניערעס אלה בפעילות רעשנית. ואם משקיהם הפרטיים לא סיפקו מזון לסוסיהם היו הלילות מטשטשים את גבולות המרעה הפרטי ובלבד שבהמתם תבוא על סיפוקה... חמי מזג היו ולא נרתעו גם מפני הרפתקאות אלימות.

בשכונה זו, שעיר וכפר שימשו בה בעירבוביה, היה משהו שובה לב. הקשר אל חלקת האדמה ואל הבקתה המלבינה בין הירק וגם החן והתרבות היהודית נתמזגו יפה באותם הבתים והטביעו חותם של יציבות, של מולדת. לא תמיד שפר חלקם בפרנסה, אבל למדו להיות שמחים גם בחלקם זה.

## הנהרות

העיירה שוכנת על גדות הליטמיז׳ (Litmierz) והיבלונקה (Jablonka), אשר הוליכו את מימיהם אל הנהר סטרי (Stryj); נופה הרבגוני השתקף בהם, כן השתקפו החיים בשתי גדותיו. בחלקה הכפרי־חקלאי נזדקרו רצועות בד־פשתן ואיכרות יוצקות עליהן מים מכלי עץ העשויים לכך, כדי להלבינו יפה בקרני השמש. מעברים הדהדו חבטות קצובות — אלו הכובסות המכות על כלי הלובן על גבי אבן, ושוטפות אותם בזרם המים. להקות אווזים רועות בירק־אחו וילדים יחפים מתרוצצים במשחקים. באפיקם הארוך של יובלי הסטרי שונה העומק. מהם קטעים והמים רוגעים חבויים ומוצלים בערבות עתיקות; כאן הוא חוף הרחצה בקיץ הלוהט. וכן חלקות, שעל שפתן שיחי ערבה שסיפקו שבטים למטאטאים לאיכרים או ערבות שזכו לשמש בקודש אצל היהודים אגודות זעירות ליום הושע־נא רבה לבירוק החטאים. על גדות נהרות אלה היו מתכנסים יהודי טורקה ל„תשליך" וניערו כל העברות שעברו במשך השנה ולהבדיל — „הגויים" טבלו



„הגשר הרומנטי"; נהר ליטמיש נופל ליאבלונקה.
דאס „ראמאנטישע בריקל"; דער ליטמיש פאלט אריין אין יאבלאנקא.

את צלם־ישו בתהלוכת חגא.

בטבורה של העיר, במקומות שהמים רדודים והחוף שטוח, יצאו נשים ונערות למירוק הכלים, בעיקר בימי שישי וערבי־החג. הפעילות רבתה כאן לעת הכשרת הכלים לפסח וביעור החמץ מן הערבות ולוחות הבצק. הגירודים והשיפשופים לוו בשיחה ערנית ופיזום עליז. הילדים מצאו כאן מקום משחק בזריקת חלוקי אבנים, בדייג של דגי־רקק ושאר יצורים שבמים. פה ושם נראו תלמידים ותלמידות, שיצאו את דירתם הדחוסה והרועשת כדי למצוא פינה שקטה לשינון פרק לימודים לקראת הבחינות.

בבוא החורף שינה הנהר את צורתו ואת תפקידו והפך לסרט מכסיף. על מימיו הקפואים נוצר מסלול נוצץ ונוקשה. עגלות חורף עמוסות עצים מן היערות שבסביבה הילכו במסילה הנוחה, החלקה והמבהיקה, ובני הנעורים מצאו בה זירה משובחת לספורט החורף. הגשרים של הנהר ייצגו את כל הדגמים של מעברות, שהומצאו בהתפתחות התרבות — החל בגזע עץ גדול, שהוטל למלוא אורכו ומחבר את שתי שפות־הנהר ועד לכלונסאות ואדנים עם מעקה.

## יופי שופע — ופתן מזדחל...

בהתקרב האפיק לעיר הופיעו גשרים בנויים ביופיים גם לכלי־רכב. גולת־הכותרת היה הוויאדוקט הגבוה, הנישא על קשתות־אבן, המשך למסילת הברזל בדרכה לתוך מינהרה שבהר ומתחתיו גשר רחב וגדול, הוא „הגשר". הילדים לא נלאו מלשאת עיניהם אל הרכבות החולפות ברעש וידיהם ניפנפו בהתרגשות אל הנוסעים במרומים בתוככי העיר.

אך הופרו השקט והשלווה בעקבות מלחמת העולם הראשונה. נתגלעה אנטישמיות חמורה; האוקראינים המוסתים שפכו את זעמם, שנצטבר בלבם, והוא פרץ כשחדרו הקוזאקים לעיירה. הם בזזו את רכוש היהודים והשחיתוהו בלא מעצור. לאחר נסיגת האויב הושלכה כל הביזה אל חופי הנהר ולתוך מימיו הטהורים, מפחד עונש השלטונות. כלי כסף וזהב, פמוטות, אריגים וסחורות למיניהם התגלגלו מופקרים על הקרקע.

עם הכיבוש השני של העיר ברחו כל היהודים והם טולטלו לחבלי אוסטריה שונים שבעורף ושוכנו כפליטים במחנות. החיים בנכר הגבירו את הגעגועים על הבית הנטוש, על השדות והגנים, על ההווי היהודי. אחרי המלחמה לא מצאנו עוד את ביתנו ועברנו לגור לבית אחר בקרבת מקום, אך מראות הטבע לא נשתנו גם אז וקיבלו אותנו בחיוכם הטוב, המקרב נידחים. החיים חזרו למסלולם.

טורקה וסביבתה היפה, על היערות מלאי הרזים וכל הטוב שבהם, על הנחלים והמעיינות הצוננים המפכים לרוב, על פרחיה, להם ציפיתי עם הפשרת השלגים — הם היו מולדתי. וכאשר הצטרפתי לקן השומר הצעיר נתרחב הנוף הנהדר אל מחוץ לתחום ועם טיולי הקבוצות והקן הגענו גם לכפרים הרחוקים יותר. בהם קוממו מושבות־הקיץ של התנועה ביופי בראשיתי. ואין פלא, כאשר עליתי ארצה היה לי קשה להסתגל לטבע הצחיח. ועל אף קסם „הלילות בכנען" התגעגעתי על מולדתי הראשונה... קווה קיוויתי לבקר פעם את משפחתי, להזין את עיני ואת לבי לו עוד פעם אחת בנוף ילדותי. אולם, לא ידעתי, שפתן הארס מזדחל באותו יופי שופע. זרע השנאה החל נובט ומעמיק שורש באוכלוסייה הלא־יהודית. כה אפסי היה חלקם של אלה אשר נקפם מצפונם ונרעד לבם לבראה הרדיפות — ועל הזיכרונות הנהדרים העיבו מעשי הזוועה של מלחמת העולם השנייה, על חיות־אדם, על אבדן כל רגש אנושי, על השחתת היופי וחילול כל מה שהיה לנו יקר, קדוש ונאצל.

אכן, המקום שהיה מולדת הפך לבית קברות אכזרי ליקירינו. המרצחים היו ליורשים חאיומים של הרכוש היהודי, שנאגר בזיעת אפיהם של דורות.



על רקע הרי הקרפטים, בעיירה היהודית־הגליצאית רווית החן וקסמי הטבע, צמח הנער **אבא שנעלער**. בתום מלחמת העולם הראשונה; בהתקבץ פליטי העיירה היהודים, שנפוצים היו בכל פינות האימפריה האוסטרית־הונגרית, לביתם החרב — מוזקר העלם והיה למנהיג של הנוער היהודי. הוא מקים את התנועה הצופית־החלוצית „השומר־הצעיר" וכבר בשנת 1920 הוא עולה וגם מעלה אתו ארצה את קבוצת החלוצים הראשונה מטורקה; הקבוצות הנוספות באות אחריו... הלא הוא **אבא חושי**, ממנהיגי תנועת הפועלים בארץ־ישראל, ומשנת 1950 ראש העיר חיפה.

מנחם לאנגנויער
ניויארק

# געווען א שטעטל טורקא...



אונזער שטעטל טורקא איז געגרינדעט געווארן פון א פוילישן פריץ נאך אין פופ־צענטן יארהונדערט (עס איז פאראן אין א גאנץ־אלטער שאלות־תשובה א שרייבן: „אונגוואר הסמוכה לטורקא“...). נאך עטלעכע הונדערט יאר האט זיך דאס דערפל טורקא ארויפגעארבעט אויף א קליין שטעטעלע, א יידיש שטעטעלע. ביזן אנהויב פון אונזער יארהונדערט איז טורקא געווען אויסטערליש פרום און פאנאטיש. די גאנצע אינפארמאַציע פון דער גרויסער וועלט (לעמבערג, פשעמישל...) איז געקומען דורך די בעלי־עגלות, וועלכע פלעגן פירן סחורות — און דערפאר האט מען טאקע אויף אונזער שטעטל געזאגט, אז „דער הימל איז פארשטעקט מיט שמאטעס...“ דאס שטעטל ליגט אין א טאל, ארום וועלכן ס'פליסן עטלעכע טייכן, דער סטרי און דער דניעסטער; דער לעצטער וועלכער פליסט דורך א שטיק גאליציע און פאלט אריין אין שווארצן ים, האט זיין קוואל אין א דערפל פון טורקער באצירק. די שענע בערג, וועלכע רינגלען ארום דאס שטעטל, האבן געהאט א נאמען אין גאליציע, און פון די גרויסע שטעט פלעגט מען קומען אהער שעפן פרישע לופט.

ערשט ווען די באן האט אנגעהויבן צו קורסירן דורכן שטעטל, אויף וויאדוקטן, האט זיך אנגעהויבן א נייער פעריאד און בעסערע פרנסות. עקספארט פון געהילץ, אייער און אנדערע ארטיקלען אין דער ברייטער וועלט אריין. דאס שטעטל איז געווען כמעט הונדערט־פראצענט יידיש; די גויים האבן געוווינט אויסער דער שטאט, אדער אין די צענדליקער דערפער ארום. דער ייד פלעגט קומען אין בארירונג מיטן גוי, דעם אוקראינער, נאר ווען עס איז געווען א מארק־טאג אדער א יריד. דאס זענען געווען פארגרעבטע אוקראינישע פויערן

און אביסל פאלאקן־בעאמטע. דער ייד, פארטיפט אין דער תורה און איר עטיק, פלעגט זיך גרויסהאלטן איבער אט די גוישע באפעלקערונג; כאטש וועלטלעכע ידיעות זענען דעם יידן געווען פרעמד.



נוף כללי
אלגעמיינער בליק

זיין אָרט לעבן האט דער ייד געפירט לויטן שולחן־ערוך, מיט דין־תורה׳ס פלעגט מען גייען צום רב; מיט פארזענלעכע פראבלעמען, ווי פרנסה זאכן, א חולה מסוכן, שידוכים עניינים א.א.וו. איז מען געגאנגען צום חסידישן רבין. די הלבשה איז געווען ספעציפיש יידיש; שבת — מיט דער זיידענער בעקעשע און שטריימל. דער גרעסטער טייל יידן זענען באמת געווען תלמידי־חכמים, ווייל פשוט מ׳האט עוסק געווען אין תורה און תלמוד יומם ולילה. דער קול תורה האט זיך געהערט פון אלע קלויזן, אבער אויך פיל זענען געווען „עמך״, מעקלערס, האלץ־סוחרים, סטאלארעס, שלאסערס, בעלי־עגלות; אלע זענען געווען ערלעכע און גאטספארכטיקע מענטשן.

דער רב פון שטעטל — פון פארן ערשטן וועלט־קריג ביז צום חורבן — איז געווען הרב אליעזר סעגאל מישל, א גאון, א תלמיד פון לעמבערגער רב, און

מחבר פון שאלות־ותשובות ספר „משנת אליעזר". א חוץ זיין לומדות איז דער רב געוועזן אויך א בקי אין וועלט־ליטעראטור און סימפאטיקער פון השכלה און ציוניזם. אין א געוויסער דרשה האט ער זאגאר פארגליכן הערצלען צו משה־רבנו; די חסידים האבן אים דאס טאקע פארגעוואָרפן, אבער זיין גרויס לומדות איז אים בייגעשטאנען...

שולן און קלויזן זענען געווען א סך, לויט א קליין שטעטעלע ווי טורקא. יעדע חסידישע גרופע האט געהאט איר אייגענע קלויז — א בעלזער קלויז, א סאדיגורער, א טשארטקאווער. ווו א חוץ דאוונען פלעגט מען דארטן זיצן און לערנען, יונג און אלט. בחורים מיט געקרויזלטע פיאות פלעגן פון צייט צו צייט ארייננקוקן בגניבה אין א העברעאיש ספרל, אונטער דער גמרא... דאס בית־המדרש איז געווען א געבעט הויז פאר „עמך", און די שטאט־שול — וואס האט זיך גערופן א מקדש־מעט, אויף וועלכער מ׳האט נישט געדאַרפן אפילו, לויטן דין, אנקלאפן קיין מזוזה — איז געווען פאר אלע, און איבערהויפט פאר מלכות־פייערונגען, פריער פאר דעם געבורטסטאג באצייכנונג פון קייזער פראנץ־יאזעף און שפעטער, ביי די פאלאקן, פאר דעם דריטן מאי פייער.

עקאנאמיש איז נישט געווען פריילעך. די פאר נגידים און אויך דער מיטלשטאנד האבן זיך גוט געלעבט, אבער די ארימע קרעמערס און בעל־מלאכה׳עס און מעקלערס האבן געהאט א שלעכטע מערכה, געלעבט בדוחק. די יידישע קהילה האט געזארגט פארן געהאלט פון די כלי־קודש: א רב, צוויי דיינים און רעגולאציעס פון בית־החיים.



מיטן אויסברוך פון ערשטן וועלט קריג איז איינגעטרעטן אן ענדערונג אין לעבן. דאס רוב יידן זענען אנטלאפן פון שטעטל פאר די רוסן, ווער קיין בעהמען, ווער קיין ווין אדער אונגארן. אין 1919, ווען די מלחמה האט זיך געענדיקט און די פליכטלינגען, די טורקער איינוווינער, האבן זיך אומגעקערט אהיים, קיין גאליציע — האט זיך אנגעהויבן א נייע עפאכע אין לעבן פון גאליציאנער יידן, איבערהויפט ביי דער יוגנט: זייענדיק אין די מלחמה־צייט אין מערב־אייראפע, איז זי שטארק באאיינפלוסט געווארן פון דער דייטשער מערב־קולטור.

ראשית חכמה האט זיך די יוגנט אפגעשוירן בארד און פיאות... אויך די מיידלעך זענען באאיינפלוסט געווארן פון די דייטשע מאדעס און ראמאנטיק...

אויפן גייסטיקן געביט איז ממש געווארן א רעוואלוציע. די יוגנט האט זיך אפגעגעבן מיט דייטשער און פוילישער ליטעראטור. אנשטאט די לימודים פון גמרא און יורה־דעה און דאוועגען — האבן זיי זיך צוגעכאפט צו שילערן און היינען. אויך האט מען אין שטעטל דערזען די ערשטע שפראצן פון דער מאדערנער העברעאישער ליטעראטור און די גאולה־שטראלן פון ציוניזם און האפנונג אויף די רעאליזירונג פון דער נאר־וואס געגעבענער באלפור דעקלאראציע.

העברעאיש איז געווארן שטארק באליבט ביי דער יוגנט און יעדער האט געלערנט און געליינט עברית. וועגן דעם איז כדאי צו דערמאנען דעם העברע־אישן לערער ישראל משה שרייבער, וועלכער האט געהאט דעם גרויסן איינפלוס אויף דער טורקער יוגנט.

טורקא האט אויך געהאט א שענע ביבליאטעק, ווו אונטער איין דאך האבן זיך געפונען פיר ליטעראטורן - - העברעאיש, יידיש, דייטש און פויליש. ווי שוין געזאגט, האבן א סך יוגנטלעכע געלעבט אונטערן איינפלוס פון דער דייטשער ליטעראטור. אויך וויפל כ׳געדענק, איז מאטיע שיין ז״ל און א סך אנדערע, ווי מיין ברודער יוסף ז״ל, געווען בקיאים ביי די דייטשע פילאזאפן; מיין ברודער האט אפילו איבערזעצט היינעס לידער אויף העברעאיש און יידיש.

בכלל האט טורקא געהאט גרויסע תלמידי־חכמים, און די יוגנט האט געשמט מיט אירע ציוניסטישע בילדונג; לײדער, אקאדעמישע בילדונג האבן זער ווייניג באקומען, צוליב דעם פאנאטיזם פון די מייסטנס חסידישע עלטערן. דאס זעלבע בילד איז געווען כמעט אין אלע קליינע שטעטלעך אין גאליציע.

אבער דער רוף קיין ציון, צו פארן ממש אלס חלוצים צו באארבייטן דעם באדן פאר דער צוקונפטיקער מדינה, איז געווען זער שטארק. אויפן זכרון קומען מיר ארויף צוויי יונגע ענטוזיאסטישע יונגעלייט, אבא שנעללער־חושי און מיין ברודער (ישה ישראלי) מיין ברודער איז געקומען פון דער חסידישער אטמאספער, ממש פון דער קלויז־באנק אין גמרא — און אבא חושי, אן אויס־געצייכנטער סטודענט, פון א בעל בית׳ישער ארבעטס פאמיליע. באגייסטערט פון ציוניסטישן אידעאל האט ער, חושי, ארגאניזירט די ערשטע חלוצישע גרופע און זיך געלאזט קיין ארץ־ישראל. דער איינדרוק פון דעם אקט איז געווען אנ־באשרייבלעך. א באנד מיט מוזיק האט באגלייט די חלוצים, מיט חושי׳ן בראש צו דער באן סטאציע. אט די גרופע און אויך די שפעטערדיקע, אנגעפירט פון משה ישראלי, האבן עס אויסגעאיבט א שטארקן איינפלוס אויף דער

שפעטערדיקער יוגנט. זיי, די יונגע בחורים און בחורות, האבן מיט זייער שוויס און מי געבאנט דעם וועג פאר א יידישער מדינה.



אין יאר 1930 האב איך פארלאזט אונזער טייער באליבט שטעטעלע טורקא, מיט אירע שענע בערג און לאנדשאפטן; אונזער געבורטס־שטאט וועלן מיר,ליידער, מער נישט זעען.

דאך, א טרייסט האב איך געפונען ווען כ׳האב מיט עטלעכע יאר צוריק באזוכט ארץ־ישראל, און כ׳האב זיך איבערצייגט אז „לא אלמן ישראל״, „נצח ישראל לא ישקר״ — ווען כ׳האב געזען וואס דער יידישער געניוס האט אויפגעטון אין אונזער לאנד.

און ווען כ׳האב דאס אלעס געזען, האט זיך מיר ארויסגעכאפט די טראדיציאנעלע ברכה: „זאל דאס קיינמאל נישט פארשטערט ווערן״, און זאלן זיי גרויסע טאטן אין ישראל זיין א דענקמאל פאר אונזערע קדושים וטהורים פון טורקא.

פנינה זאמושי־שטרנבך
חיפה

# אתם העדים...



הרי הקרפטים, אתם הרמים,
עדים לזוועות של אותם הימים;
עת הרים רעדו...
שימונקה, ז׳ביזנין, קיצ׳רה, ברינוב
אהוזי סיוטי בלהות ומכאוב —
עת צועדים צעדו...

הרי הקרפטים, רק אתם היודעים
איך הרבו יכלו ישוב ומתים
בטורקה ליד סטרי;
איך שקקו היי יצירה ישרים
והפכו לקינה ולנהי.

בצמרות העצים
בחורשות קרפטים
מהדהד עוד קול –
קול אנקת המתים.
והתינוקות הרכים,
בכים ממרחקים –
לא עוד גלי הנהר
החרישו הצער.

ופסגות הקרפטים משקיפים
אל מול עיר קברים רמוסים,
רק אתם העדים לנצח
לחיים שהיו – והרוסים...

# דברי ימים ודימוגרפיה

## א. טורקה הקדומה

עד מחצית המאה ה־15 היתה טורקה וסביבותיה מקום שמם, המכוסה יערות־עד. כף רגל אנושית לא דרכה כאן, פרט למקרים, אולי, שהאדם נאלץ היה לחפש מחסה מפני התנפלויותיהם של הטטארים. אולם, אך עברו גדודיו של האויב היו האנשים חוזרים למקומותיהם. מניחים, שבמקום פראי זה היה מקום מעבר קדום, שעקבותיו נשארו. היה זה, כנראה, מסלול צר ובלתי נוח, העובר במרחק־מה מגדות הנהר סטרי; מסלול זה קישר אדמות טשרווינסקי עם הונגריה.

והמעבר הזה, יש לשער, היה קשה ומייגע. מסופר, שהמלך לודוביק ההונגרי, ברצותו לקצר את דרכו להונגריה והלך במסלול זה, הפסיד למעלה מ־40 סוסים, שנפלו מרעב ומעייפות; רק לאחר ארבעה ימים הגיעו הוא ואנשי לווייתו למחוז חפצם. כנראה, המדובר הוא בשביל, המוליך מקלימייץ, בקרבת הסטרי. היתה זו בכלל הפעם הראשונה, שטורקה נזכרה בדברי הימים, אולם עובדה זו מעידה, שהדרך, המובילה בין יערות טורקה, היתה בלתי נודעת וקשה, שלא השתמשו בה; לא הרחיקו ללכת במקומות הפראיים שבסביבות הריה השוממים של טורקה.

### בעלות על העיירה

ועברו כמעט מאה שנה מאז נזכרה טורקה בפעם הראשונה בהיסטוריה, ושוב לא היה ידוע עליה דבר כלשהו.

בשנת 1431 הנחיל המלך וולאדיסלב יאגללו, עפ״י זכויותיו הנתונות במא־דיקה, את טורקה והאחוזות שבסביבותיה, שהשתייכו עד אותו זמן לאחוזות המלכות אשר בשטחים על גדות הנהר סטרי, עם זכות מורשה — לאחד מלוחמיו ולשלושת בניו, מבני הוולוכים, שהצטיינו בשירותם הנאמן למלכות.

ברם, גבולותיה של הנחלה לא פורטו בדיוק. במיסמכים נזכר הנהר סטרי, שעל גדותיו משתרעת האחוזה. מדובר על עצים, הנקראים „איל״, על שדות איסא, סורסור וברוד, כנקודות ספר, המפרידות בין אדמותיו של הלוחם הוולוכי ובין האדמות השייכות לאחוזות המלכות. מסיבה זו נאלץ המלך זיגמונט הראשון למנות ועדה מיוחדת, כדי לקבוע בדייקנות את גבולות נחלתם של האדונים למשפחת טורצקי ובין אחוזות הממלכה.

## שמעון טורצקי

ממיסמך מסוים, שנערך בשנת 1494, ובו נמסר, כי שמעון טורצקי מוותר על חלק מאדמותיו לטובת ארבעת בניו, אנו למדים, שלאדונים ממשפחת טורצקי — שבשמם נקרא המקום טורקה — שייכת היתה לבד מטורקה ויאבורי גם יאסיניצה. לפי ההשערה המתקבלת על הדעת ביותר, נקרא ההר שימונקה, הפיסגה הגבוהה ביותר בקרב ההרים המקיפים את טורקה, על שם האדון שמעון טורצקי.

בשנת 1444 מקבל ואנקו מטורקה, שהיה ממקורבי המלך ולאדיסלאב, ושנקרא לאחר מותו וארנאנצ׳יק, בשל זכויותיו הרבות — שטח של שלושה מילים מרובעים, המשתרע מן נחל בוקוביץ (הנופל לנהר סאן) עד לגבולות הכפר ז׳וראבין; זכות זו ניתנה בוארדין, בהונגריה. נוסף על כך הוא מקבל אישור חוזר לזכותו הקודמת, דהיינו, על הנחלתה של טורקה לאביו על־ידי המלך ולאדיסלב יאגללו. בניהם ובני בניהם של אלה, אשר קיבלו את טורקה וכל הסביבה מידי המלכים כמתנה, קראו את שמם טורצקי; אלה שוב שהתיישבו ביאבור — קראו שמם יאבורסקי; ואלה הזוכים בחבל אילניק — קראו לעצמם אילניצקי.

## דברי הימים

מאותו זמן ואילך התרבו הידיעות בדברי־הימים על טורקה; את החשובות נספר בקצרה:

המלכה בונה מצווה לסלול את הכביש מסאמבור לטורקה, כדי להעביר דרכו עגלות טעונות כל־טוב לארץ מולדתה. היא מבקרת לעיתים קרובות במקום לשם צייד ביערות טורקה. במאה ה־16 נמצאים כבר כאן הרבה וולוכים, הנמלטים לכאן מפני דיכויים של ההונגרים. הם מביאים אתם את מינהגיהם וחוקיהם, המתקבלים במקום ומתקיימים בו. אכן, ההתיישבות בכל הכפרים שבאיזור טורקה התקיימה ברובה לפי משפט הוולוכים; זכויות לוקאליות אלו הודגשו לעיתים קרובות.

הטאטרים, שמקודם לכן לא הגיעו אף פעם אחת אל בין ההרים בשל פחד המעבר הקשה וכן בשל המארבים, נאלצו בשנת 1594 לברוח דרך הרי האיזור הטורקאי והסקולי, שעה שהצבא הפולני ובראשו המצביא יאן זמויסקי, דלק אחריהם. במנוסתם משאירים אחריהם גדודי הטאטרים הרס וחורבן,

בדברי הימים נשארו עד היום ידיעות על סיכסוכים וקרבות מקומיים של „השלאכטה", כגון התנפלותו של שלוכטונג על חצרו של יאבורסקי פרקביץ, על־יד טורקה; התנפלותם של ויסוצ'נסקי על רזמר; של פמיינטובסקי מן רוזלוץ, על הדברניצקים מן בובארקה, ולבסוף — הסיכסוך בין השלאכטה מן ויסוצק וקומורניק לבין בני סקולי.

בשנת 1697 נהרסה טורקה על־ידי שודדים הונגריים; לאחר ניצחונם על מפקד מישמר הגבול סטפן טורצקי, בזזו את כל הסביבה והעלו אותה באש.

בשנת 1729 עוברת טורקה, על פרברה זביז'ניץ, מידי אדוניה האחרונים, שירדו מנכסיהם בשל ההתנפלות האחרונה, לידי יאן אנטוני קלינובסקי.

(עפ"י: Zarys monograficzny powiatu Turczanskiego Lwow, 1938)

מפולנית: ח. ד.

## ב. טורקה היהודית

קשה לקבוע בדיוק מתי הגיעו היהודים הראשונים לטורקה ולסביבתה. אבל ברור הוא, שהתיישבות היהודים במספר רב בה קשורה בשמו של המגנאט יאן אנטוני קלינובסקי. בשנת 1729 קנה אותו קלינובסקי את כפר טורקה ולאחר שנה העלה כפר זה, ברשותו של המלך, לדרגת עיר, כדי לעשותה, בשל שכנותה לגבול פולין הונגריה, למרכז סחר. ולמען משוך לכפר־העיר אוכלוסייה חדשה, ובמיוחד סוחרים ובעלי־מלאכה, שיגר קלינובסקי את עוזריו לכל הסביבה, שהב־טיחו בשמו, שלכל המתיישבים החדשים תינתן חופש פעולה במסחר ובמלאכה. ולטורקה הגיעו, על־כן, עשרים וחמשת המתיישבים היהודים הראשונים: והם אברהם שימונוביץ רטושני, שהיה רבה הראשון של טורקה, שמעון ברקוביץ, ברוך ארנדטור, זלמן יוסלוביץ, אביש הרשקוביץ, יעקב רוטה, הרש ארנדטור, שוע־הערץ זלמנוביץ, ברוך נטלוביץ, יהודה מנדלוביץ, משה אהרונוב, שמואל נחומוביץ, דניאל מרודוביץ, יוסף כהנוביץ, שלמה שפיקוביץ, נחמן אהרונוביץ, יעקב מטטוביץ, יוסף יודקוביץ, שלמה יעקב, יצחק ברודק, ברל צימבליסטה.

### בניית השוק

עוד באותה שנה (1730) בנה קלינובסקי, על מגרש ענקי ליד ארמונו, ארבע שורות בתים בצורת ריבוע (השוק), ובבתים אלה השכיר קלינובסקי למתיישבים החדשים דירות במחיר מוזל מיוחד, אף ביחס לתקופה ההיא. כמו

כן דאג גם לצרכיהם הדתיים והחברתיים. באותה שנה בנה בכספו הוא את בית־הכנסת הראשון בטורקה, שעלה אז שלושים אלף זהובים פולניים. כן תרם ביזמתו הוא בית־מחסה ליהודים זקנים. מאדמתו הפרטית מסר ליהודים חלקה מתאימה לבית־קברות יהודי. לכל יהודי המקום הרשה ליטול מעצי יערותיו כל כמות הנחוצה להם לבניית בית מגורים ולהסקה. אף בית־דפוס יהודי מיוחד ייסד קלינובסקי, ובו הודפסו ספרי תפילה ולימוד שונים. אחד העותקים של סידור עתיק זה נשמר עד השואה בארכיונה של קהילת טורקה. בשער הסידור הזה מודפס הנוסח הבא בלשונות הפולנית והעברית:

"W Turce. Dziedzicznym miescie I. W. Imci Pana Antoniego, Pana Na Wielkich Kamionkach Turce, Beniowych X. Kalinowskiego, Podkomorzego Inflantskiego Wojsk Jego Krolewskiej Mosci y Rze. Pos. Pulkownika Pana y Dobrodzieja."




שער הסידור שהודפס בבית דפוס בטורקה במחצית המאה ה־18.

פארבלאט פון סידור, וועלכער איז אפגעדרוקט געוואָרן אין טורקא אינם 18 יאָרהונדערט.

## מועצת עיר מאוחדת

עד לשנת 1867 היו בטורקה שלוש קהילות נפרדות: א) קהילת התושבים הנוצריים ב) קהילת האצולה הפולנית; ג) וקהילת היהודים. לכל קהילה היתה חותמת רשמית משלה. על גבי החותמת היהודית היה כתוב:
"Turka ver Yuden — Gemeinde — Siegel".

לאחר הכרזת הקונסטיטוציה ושיווי הזכויות האזרחיות בארצות המימשל האוסטרי התמזגו כל שלוש הקהילות הנ״ל לקהילה עירונית כלל־אזרחית אחת. ובבחירות למועצת העיר לאחר המיזוג נבחר מטעם היהודים מר משה שכטר.

במשך כל אותה תקופה, ועד שנת 1903, לא התקיימה בטורקה קהילה יהודית רשמית מיוחדת על־פי תקנות האוטונומיה והבחירות הכלליות. בראש הקהילה עמדו אנשים שכונו בשם רגירר. היו אלה נציגי היהודים, שנבחרו מפעם לפעם באסיפות בתי הכנסת. ברם, אנשים אלה לא ניהלו כל משרד, לא גבו מיסים כלשהם, וכן לא הקציבו הקצבות לצורכי הקהילה. השוחטים התפרנסו מהכנסות השחיטה ומהן גם הפרישו אחוזים מסוימים לרב דמתא או לממלא מקומו. בענייני קהילה כלליים היו מחליטים באסיפות, שכונסו לעיתים די קרובות בבתי הכנסת. אסיפות אלה הונחו ע״י הושבים יהודים בעלי השפעה — וההחלטות, שנתקבלו בהן, חייבו את כל הציבור.

## מסילת ברזל וראשית חיים מודרניים

משנת 1903 חל בטורקה שינוי יסודי. טורקה זכתה בימים ההם למסילת ברזל, שעודדה במידה ניכרת את חייה הכלכליים והחברתיים. התיישבו בה אז הרבה אנשים חדשים בעלי מרץ ויזמה, משכבת האינטליגנציה והמסחר היהודיים. ובאותה שנה (1903) אושר על ידי השלטונות, בפעם הראשונה בתולדותיה של טורקה, ייסוד הקהילה היהודית הרשמית, מושתתת על החוק האוסטרי של קהילות יהודיות. לוועד הקהילה נכנסו אז: משה שכטר, זלמן מרגוליות, אברהם זוסוויין, ישראל־צבי הירש, חיים הירש וד״ר טורנהיים. זה האחרון שימש יושב ראש הקהילה. תקופת כהונה חדשה של קהילה זו התחילה אחרי בחירות־קהילה בשנת 1908, ונבחרו אליה: ד״ר לובינגר — יו״ר; דניאל ארטל — סגן יו״ר; פרץ קליין, אביש ברמן, גדליה מנדל, לייבוש קונקה, יוסף ברנדלשטיין ואברהם זוסוויין — כחברים. תקופת כהונתו של ועד קהילה זה נמשכה עד פרוץ מלחמת העולם הראשונה ב־1914.

בתקופת מלחמת העולם הראשונה לא התקיימו כל בחירות לוועד הקהילה היהודית, משום שתושביה עזבוה בהמוניהם מחמת נגישות הצבא הרוסי. אכן, צבא זה שדד והשחית את כל רכושם של יהודי העיר ללא רחם.

## אחרי מלחמת העולם הראשונה

**בסתיו 1918 חזרו חברי ועד הקהילה והתחילו לארגן מחדש את עבודתה. אולם לאחר זמן־מה שוב הופסקה הפעולה בשל ההפיכה האוקראינית וסמכותו של ועד הקהילה הועבר למועצה הלאומית היהודית. מועצה זו התקיימה בטורקה במשך שישה חודשים בלבד, ששוב העבירה את סמכויותיה לקהילה היהודית, שקמה לתחייה לאחר אבדן המימשל האוקראיני. בקהילה זו המשיכו איפוא לכהן אותם החברים, שנבחרו זמן רב לפני מלחמת העולם הראשונה.**

רק בשנת 1925 התקיימו בטורקה בחירות חדשות לקהילה, ואז שוב נבחרו כיו״ר ד״ר לובינגר, לסגנו — דניאל ארטל. חבריו היו: הרש־לייב שרייבר, מנדל קלר, ד״ר גליק, משה הירט, ש״נ מיינר ואברהם לנגנאואר.

ב1928 התקיימו שוב בחירות לקהילה על יסוד תקנות הקהילה החדשות של הרפובליקה הפולנית. הרכב הוועד החדש היה: ד״ר לובינגר — יו״ר, ד״ר גליק —ממלא מקומו, וכן שישה חברי ועד, שביניהם היה הרב דמתא אליעזר מישל בתור ויזיליסטה. המועצה הורכבה משנים־עשר חברים, ובראשה — מר אדולף ברנשטין.

בשל אי־סדרים בקהילה, פיזרו השלטונות את המועצה ואת הוועד ומינו בשנת 1935 את העו״ד הטורקאי ד״ר מאוריץ ברוך כממונה מטעם הממשלה ולידו ועדה מייעצת בהרכב הבא: ישראל אינטרטר — מ״מ של הממונה, ד״ר



יו״ר ועד הקהילה ד״ר מ. ברוך.
קהילה פארזיצנדער ד״ר מ. בראך.



חבר ועד הקהילה ד״ר פ. רינטל.
קהילה מיטגליד ד״ר פ. ריינטאל.

פ. רינטל, יעקב צבי קונקה, אברהם לנגנאואר, עוזיאל ארטל, יצחק אנגלמאיר ושלמה שליסר.

לפני מלחמת העולם השניה היה מספר תושביה היהודים של טורקא 6000 נפש, שהם % 41 מכלל האוכלוסייה. מספר תושביהם היהודים בכפרי הסביבה היה 7000.

(עפ"י Almanach gmin Zydowskich w polsce) מפולנית: אידה ז.

## ג. ציונים דימוגרפיים ואחרים

### חלוקה אדמיניסטראטיבית

טורקה ובנותיה, שהגורמים העיקריים להתיישבות ולהתנחלות בקרבם היו, ללא ספק, הנהרות ושיפועי ההרים — חלוקתן האדמיניסטראטיבית פשוטה היתה בתכלית: העיירה, טורקה על נהר סטרי, היא „בירת„ האיזור ובה כל מישרדי השילטון האזורי; מסביב לה — 273 כפרים ויישובים.

### דימוגרפיה

1. על פני שטח של 1829 קמ"ר התגוררו (לפי הספירה משנת 1931) 114.457 תושבים:

נוצרים קתוליים (מהכנסייה הרומית) — בטורקה 1.706; בסביבה 4,595.
נוצרים קתוליים (מהכנסייה היוונית) — בטורקה 4211; בסביבה 92.353.
יהודים — בטורקה 4117 (!); בסביבה 6,510.
אחרים — בטורקה 33; בסביבה 800.

דוברי פולנית — בטורקה 3,997; בסביבה 22,106.
דוברי אוקראינית — בטורקה 1,446; בסביבה 49.122.
דוברי רוסי (לא רוסית!) — בטורקה 1.571; בסביבה 28,344.
דוברי יידיש — בטורקה 3,056; בסביבה 4,496 (!)
לשונות אחרות — בטורקה 25; בסביבה 130.

2. 10.627 יהודים נמצאו באיזור טורקה. הם היוו 40.8% של אוכלוסיית העיירה, 6,2% של אוכלוסיית הכפרים (!!) נמצא, שמספרם עלה על מספר הפולנים, שהתגוררו בטורקה גופה ב־141,3%. אבל יחד עם זאת אנו רואים לדעת, שכמעט שליש של האוכלוסייה היהודית באיזור טורקה (3,065 איש מבין 10.627) הצהיר על פולנית כעל שפת־האם שלו. על־ידי כך גדל מספר המכריזים על הלשון הפולנית כלשון האם שלהם ב־2411 איש.

3. רמת החיים באיזור ידועה היתה כנמוכה מאוד: תנאי הדיור היו קשים מנשוא: 56.4% התגוררו בדירות של חדר אחד; 29.7% — בדירות בנות 2 חדרים, ורק 7.5% — בדירות בנות 3 חדרים. בכל האיזור נמצאו 9 רופאים, מהם 7 בטורקה.

4. בסביבה 15 מינסרות בינוניות ושלוש קטנות; בטורקה גופה נמצאות 4 מהמינסרות האלו. הגדולות במינסרות, לבד משלוש, היו בבעלות יהודים, שפיתחו את תעשיית העץ באיזור, שהיה, בדרך־כלל, איזור חקלאי.

5. „אלמנט האינטליגנציה", במובן הרחב של המילה, הכולל פקידים במשרדי שילטונות האיזור, הפלאסטרה, המורים, הכמרים, השוטרים, הפנסיונרים עם בני משפחותיהם — מנה 3.229 איש, שהיוו 2.9% של האוכלוסייה.

(עפ"י Zarys monograficzny powiatu Turczanskiego Lwow 1938)



פסי הרכבת מגיעים לטורקה...

אייזנבאַן ליניע דערגרייכט אין שטעטל אריין...

חיים פעלער
קרית חיים

# טורקער פנקס ביזן ערשטן וועלט קריג
(זכרונות און עפיזאדן)



אין אלטע צייטן האבן יידן אין טורקא געלעבט אין די זעלבע פרימיטיווע באדינגונגען ווי די איינגעזעסענע אוקראינישע באפעלקערונג. א גאנצע וואך האט מען געגעסן קארטאפל מיט האבער־מעל ברויט און אויף שבת איז מען געגאנגען אין מיל אריין, אפגעמאלט א ביסל ווייץ און געבאקן ווייצענע נאראז־חלות. ס'איז נישט געווען קיין גרויסער אונטערשיד צווישן ארעמע און רייכע... אויך אנגעטון איז מען געווען זער ארעם. ביז דער חתונה איז די יוגנט געגאנגען אנגעטון אין לאנגע העמדער פון גראבן ליינוואנד און זומער בארוועס אן שיך... צו די חתונה האט מען די יינגלעך געמאכט קאזלאווע שטיוול, צוויי פאר צייגענע הויזן און בעקעשעס, העמדער פון גראבע גויאישע ליינוואנד. מיידלעך האט מען אויך נישט קיין סך מער געמאכט...

## טיף־רעליגעז

אלע יידישע קינדער אין טורקא, און אין די דערפער ארום איר, האבן געלערנט אין די חדרים. מען האט אין יענע צייט נישט געוווסט פון קיין שקאלעס. חאטש די רייכערע יידן האבן ביסלערווייז אנגעהויבן ברענגען פאר זייערע קינדער לערערס פון די גרעסערע שטעט, כדי צו לערנען זיי שרייבן דייטש און פויליש. פאר די ארעמע און מיטעלע יידן איז דער חדר געווען דער עכסטער אנשטאלט פון לערנען און לערע. דארט האט מען קודם כל געלערנט דאווענען און נאך עפעס. שפעטער שוין האבן פארשידענע טיילן פון דער יידישער באפעלקערונג געשיקט זייערע זין און די רבנישע ישיבות פון

אנדערע שטעט אין גאליציען, און דאפון זענען ארויסגעקומען אין טורקא אסך לערנערס, וועלכע פלעגן שפעטער זיצן טעג און נעכט אין די קלויזן און לערנען.

פרום און טיף־רעליגיעז איז געווען די גאנצע יידישע באפעלקערונג פון טורקא — פון טרעגער ביז צום רב. געטראגן די אלטע טראדיציאנעלע בעקעשעס. שבת איז יעדער ייד געווען אנגעטון אין שטריימל.

## אייזנבאן און ענדערונגען

ווי די גאנץ אלטע יידן פלעגן דערציילן, איז א גרויסע ענדערונג געקומען אין לעבן פון טורקא, ווען מ'האט אנגעהויבן בויען די אייזנבאן־ליניע. אזוי לאנג ווי אין טורקא איז נישט געווען קיין באן האט טורקא געלעבט מיטן אלטן סדר. און ווען די באן האט אנגעהויבן גייען, האט זיך די עקאנאמישע אוןווירטשאפטלעכע לאגע אינגאנצן געענדערט. און צוזאמען מיט איר אויך די קולטורעל־געזעלשאפטלעכע. אמת, מען דערציילט, אז אויך פאר די באן־צייט זענען שוין געווען אין טורקא עטלעכע גרויסע לערנערס, וועלכע זענען אין



אברכי טורקה על שפת היאבלונקה.
יונגעלייט ביים טייך יאבלאנקא.

געהיים געווען ציוניסטן און באשפעטיקט זיך מיט ציוניסטישע ליטעראטור — אבער דאס אלץ איז געווען שטרענג־געהיים.

ווען מ׳האט געבויט די באן, איז אנגעקומען קיין טורקא א געוויסער יידישער באן־אינזשיניער און האט געגרינדעט אין טורקא א ציוניסטישע ארגאניזאציע מיטן נאמען „מזרחי" — די ערשטע ארגאניזאציע פון די נייע צייט אין טורקא. אין אנהויב איז די ארגאניזאציע געווען זער קליין, ווייל די יוגנט האט מורא געהאט זיך אין איר אנצושליסן צוליב די גרויסע פארפאלגונ־גען, וואס זיי איז אויסגעקומען ביישטיין, סיי פון עלטערן און סיי פון אנדערע. מען האט די יינגלעך נישט אריינגעלאזט דאווענען אין די קלויזן. אין בעלזער קלויז האט אמאל אזא יונגערמאן באקומען פעטש און ארויס־געווארפן געווארן. מען האט זיך פאר זיי געהיטן ווי פאר א קרענק... גערופן האט מען זיי טריפהניאקעס.

אבער די צייט איז נישט געשטאנען אויף אן ארט... ביסלעכווייז האט זיך דאך די ציוניסטישע ארגאניזאציע אויסגעברייטערט און פארגרעסערט און ווען אין יאר 1907 זענען געווען וואלן צום עסטרייכישן פארלאמענט און אין ראיאן, און ס׳האבן קאנדידירט צוויי יידישע קאנדידאטן (דער נאציאנאלער ייד ד״ר גרשון ציפער און דער אסימילאנט ד״ר נתן לעווענשטיין — „פאלאק פון משה׳ס גלויבן") האט שוין די ציוניסטישע ארגאניזאציע אין טורקא געפירט א ברייטע טעטיקייט און א גרויסע אגיטאציע.

די עקאנאמישע ענדערונג האט זיך בעיקר אויסגעדרוקט אינם אויפשטעלן אין טורקא און אין דער אומגעבונג אסך זעגפאבריקן, ווייל נאכן אויסבויען די אייזנבאן האט מען זיך יעצט גענומען האקן די וועלדער, און פירן דאס האלץ מיט דער באן... דאס האט געגעבן פרנסה א סך יידן פון טורקא און אומגעבונג. יידן זענען געווארן באאמטע, אונטערנעמערס, ארבייטער א.א.וו. ביי די אלע האלץ ארבייטן. דער לעבנס שטייגער האט זיך געענדערט און יידן זענען שוין נישט געגאנגען מאלן מעל אויף שבת...

איין פאך אין טורקא האט געליטן פון דער אייזנבאן — די בעל־עגלה׳עס. זיי, וואס זייער גאנצע פרנסה איז באשטאנען צו ברענגען און צו פירן סחורות מיט זייערע פערד־און־וועגעלעך, האבן עס געבעטן גאט, אז ער זאל מאכן א נס און אן אקס פון דער באן זאל צובראכן ווערן... אבער קיין נס איז נישט געשען און די באן איז געפארן ווייטער...

האנדל האט זיך טאקע שטארק אויסגעברייטערט און יידן האבן געמאכט מסחרים. אבער נישט אלע... דער גרעסטער טייל יידן זענען נאך געבליבן ארעם. זענען געווען ארימע בעל־מלאכה׳עס, שניידערס, שוסטערס און אנדערע. שניידערס האבן נאך אלץ געארבייט מיט די הענד, ווייל קיין ניי־מאשינען זענען נאך נישט געווען אין טורקא. און ווען מ׳האט שוין געקאנט באקומען א נייע מאשין, איז נישט געווען קיין געלט צו קויפן איר. איין שניידער, אביסל א פערמעגלעכער, האט זיך געקויפט דאמאלס א ניי־מאשין — דאס איז געווען ברוך יוסף פרענקל. פלעגן טאקע שניידערס קומען צו אים און אפשטעפן אן אנצוג און דערפאר אים באצאלן. מיט דער צייט איז אויפגעקומען די פירמע „זינגער״ פון אמעריקע — און די פארטרעטונג האט איבערגענומען אלטער מאנטאג, וואס איז געווען גבאי אין שניידער שולעכל און רב אלטער האט געגעבן אלע שניידערס מאשינען צום אויסצאלן. גענומען האט מען אויף א יאר־צוויי, אבער דאס האט זיך געשלעפט ביז 6—8 יאר ; אלטער מאנטאג האט אלע פארלענגערט.

א קיצור, ס׳איז ביי שניידערס שוסטערס אויך געווארן א ביסל בעסער, אבער אז ס׳איז געקומען דאנערשטיק און מ׳האט געדארפן האבן די 4—5 קראנען אויף שבת, האט מען נאך גוט געשוויצט ביז מ׳האט זיי באקומען.

## געזעלשאפטליך לעבן

און דאס גאנצע געזעלשאפטלעכע לעבן אין טורקא איז נאך דערווייל פארגעקומען אין בתי מדרשים און קלויזן. ס׳איז געווען אין טורקא א בעלזער קלויז, ווו יידן זענען געזעסן טאג און נאכט און געלערנט ; ס׳איז געווען א סאדיגורער קלויז, א טשארטקאווער קלויז, א בית־המדרש און ס׳איז אויך געווען א גרויסע שול — דארט האבן שוין געדאווענט די מער אויפגעקלערטע יידן — מיט חזן און כאר. נעבן דער גרויסער שול איז געווען דאס שניידער שולעכל און דאס „מתעסקים״ שולעכל. א חוץ דעם איז געווען די גרויסע קלויז ביים הרב לאנגערמאן ווי אויך „שטיבלעך״ צום דאווענען אויפן סטרי. אויך א ציוניסטיש שטיבל, א האנדווערקער שטיבל און נאך אנדערע.

יוגנט האט שוין ביסלעווייז גענומען ליינען דאס „יידישע טאג־בלאט״, וואס איז דערשינען אין לעמבערג און גענומען אינטערעסירן זיך מיט יידיש טעאטער. פון לעמבערג האבן אנגעהויבן אנקומען טרופעס און פארשידענע יידישע לידלעך זענען שוין געזונגען געווארן אין טורקא.

אבער דאס אלץ איז נישט אזוי גלאט געגאנגען. יוגנט האט נאך געהאט „צו זינגען און צו זאגן" מיט זייערע פרומע עלטערן און אנדערע פרומע בעלי־בתים. דער אלטער דור האט זיך נישט אזוי שנעל אונטערגעגעבן און האט געפירט א מלחמה מיט טריפהניאקעס.

א מזל איז געווען וואס דער דאזיקער אלטער דור האט נישט שטענדיק געהאט א סך צייט און געהאט זייערע אייגענע צרות און פראבלעמען. אט האט זיי גאט צוגעשיקט א גרויס מחלוקת, ווען מ'האט געדארפן קלויבן א נייעם רב, נאכדעם ווי דער אלטער רב איז נפטר געווארן. געווען איז דאס אין 1909 אדער 1910. א גרויסער טייל יידן האבן געוואלט דעם סאמבארער רבינס אן אייניקל, אבער דער ועד הקהילה מיט נאך אנדערע יידן האב געוואלט דווקא דעם הרב מישל, וועלכער איז נישט געווען שטארק פופולער, אבער דערפאר געקאנט גוט לערנען. סאמבארער חסידים האבן געשטורעמט די קהילה, מ'האט זיך געשלאגן אין די גאסן און ס'האט זיך געטון אויף טיש און אויף בענק...

מנצח געווען האט הרב מישל מיט דער יידישער קהילה. מיט זיי זענען געווען רייכע יידן, די אייגנטימער פון דער פראפינאציע (בראנפן מאנאפאל), וועלכע איז דורך זיי אפגעקויפט געווארן ביים גראף קאלינאווסקיס יורשים. די דאזיקע יורשים האבן א'יגנטליך פארקיפט אלע זייערע גיטער אין טורקער אומגעבונג, און יידן האבן געקויפט. די אלע רייכע יידן זענען עס געווען אויך די אנהענגער פון דעם אסימילאנט ד"ר לעווענשטיין קעגן דעם נאציאנאלן טוער ד"ר ציפער; אין די נייע וואלן צום פארלאמענט אין יאר 1911 האט ווידער געזיגט דער פאלאק פון משה'ס גלויבן. ביי די דאזיקע וואלן זענען פארגעקומען גרויסע געשלעגן אין טורקא, און צו דער הילף פון דער ציוניס־טישער זייט, וואס איז אבער געווען גאנץ שטארק, איז געקומען משה שיין מיט זיינע סאציאליסטישע חברה. גובר געווען איז די אסימילאטארישע גרופע, ווייל איר צוהילף איז געשטאנען די פאליציי...



ווען אין קיעוו איז פארגעקומען פארן ערשטן וועלט־קריג דער באוווסטער ביילים־פראצעס איז אין טורקא פארגעקומען א גרויסע פראטעסט פארזאמלונג קעגן די צארישע מאכט־האבער. אויף דער פארזאמלונג, וועלכע איז פארגעקומען אין דער גרויסער שול און געווען געפאקט, האט דאן גערעדט לייבל טויבעס פון לעמבערג.

געווען איז דאן א צייט אין טורקא פון קולטורעלער און פאליטישער טעטיקייט. פון לעמבערג און קראקע האבן אנגעהויבן צו קומען טעאטער טרופעס; ס'האט זיך דאן געגרינדעט א דראמאטישער קרייז ביי דער ציוניסטישער ארגאניזאציע — און אלע פארשטעלונגען זענען שטארק באזוכט געווארן פון דער טורקער באפעלקערונג.

אין יענער צייט איז אנגעקומען קיין טורקא און זיך דארט באזעצט איינער א טישלער מיטן נאמען הערש פעט. דער דאזיקער פעט האט דאן געגרינדעט אן האנדווערקער ארגאניזאציע מיטן נאמען „יד־חרוצים", וועלכע האט אנטוויקלט א שענע טעטיקייט. זי האט אין זיך פאראייניקט שוסטערס, שניידערס, זייגערמאכערס, שלאסערס, טישלערס, און אנדערן פאכן.

דאמאלס האט עס אויך דער שוין דערמאנטער משה שיין געגרינדעט די ערשטע יידישע סאציאליסטישע ארגאניזאציע זש. פ. ס., וועלכע איז געווען אן אפטיילונג פון דער פוילישער פ.פ.ס. דער דאזיקער סאציאליסטישער פאריין האט נישט געהאט קיין גרויסן דערפאלג, ווייל די מענטשן האבן זיך אביסל געשעמט צו געהערן צו דעם פאריין...

דאגעגן זענען טעטיק געווען קלענערע געזעלשאפטלעך־רעליגיעזע חברות: די חברה קדישא (וועלכע איז געווען אזוי אלט ווי דאס שטעטל טורקא אליין...), תהילים־זאגערס און אנדערע. זייערע מיטגלידער זענען געווען שטארק דיסציפלינירט און יעדע פאראָרדנונג פון א גבאי איז אויסגעפירט געווארן פינקטלעך. זיי זענען געשטאנען מאראליש זער הויך, דרך־ארץ געהאט פאר עלטערע מענטשן, זיך נישט געקריגט צווישן זיך. יידן זענען געווען ערלעך און שטרענג פרום, אויסגעמיטן רכילות און מקבל געווען באהבה יעדן לעבנס־שטייגער, ווי ס'האט זיך געלאזט.

## מען דערציילט...

פון יענע גוטע צייטן האט מען אין טורקא דערציילט פארשידענע מעשה'עס.

אין 1912 האט א יונגערמאן (געווען איז עס דעם קאנציקערס רב'ס א זון מיטן נאמען עסטרייך) חתונה געהאט קיין טורקא, און ער האט געהאט בדעה צו עפענען אין שטעטל א קאנפעקציע פאבריקל. שניידערס זענען דאפון געווואר געווארן און האבן אים געמאכט א „שווארץ יאר". דער יונגערמאן

האט באלד חרטה געקריגן און ערקלערט, דאס ער וויל נישט צונעמען ביי ארעמע שניידערס זייער פרנסה.

רב אלי קאפעל, א דיין און א גרויסער לערנער, האט געגעבן צו מאכן צוויי אנצוגלעך פאר זיינע צוויי קינדער. דער שניידער האט אפגעשיקט די ארבעט און רב אלי האט נישט געהאט קיין געלט צו באצאלן. האט רב אלי צוריקגעשיקט די מלבושים, ווייל ס׳איז שטרענג פארבאטן אנצוטון זאכן, פאר וועלכע מען האט דעם ארבעטער נישט באצאלט.

געווען אויך מתן בסתר. די שטאט האט אבער געוווסט, אז חיים־הירש האט יעדן דאנערשטיק געשיקט צו מאטל סופר צוויי קראנען אויף שבת, און צו נאך ארעמע יידן.

אן ארעמער ייד, יאנקל קוגעל האט מען אים גערופן, פלעגט ארומפארן מיט פערד־און־וועגעלע. פרייטיק פלעגט ער ענדיקן זיין ארבעט 12 אזייגער. צוויי שעה פאר ליכט־צינדן איז ער שוין געגאנגען אין קלויז אריין דאווענען, אנגעטון אין א זיידענע באקעשע און שטריימל, פאנטאפל און ווייסע זאקן. יאנקל פלעגט אויך גאנץ שען דאווענען פארן עמוד. ראש־השנה און יום־כיפור פלעגט ער דאווענען אין קלויז פון הרב לאנגערמאן. מ׳פלעגט דערציילן, אז זיין דאווענען דארט האט אנגעוואָרפן א שרעק אויף יונגוואַרג. זיין קול האט ווי געדונערט פון הימל אראפ.

בערל חלוק, אן ארעמער און ערלעכער ייד, האט געהאט חזקה צו ברענגען קאלט וואסער אין שול אריין, ווען יידן פלעגן זיצן דארט שבת און תהילים געזאגט; מיטן וואסער פלעגן זיך די תהילים־זאגערס שטארק דערקוויקן דאס הארץ. איין מאל טרעפט בערלען א יונגערמאן און זאגט צו אים: „בעריל, איר טראגט וואסער אין שול אריין שוין אזוי לאנג; אפשר קאנט איר עס איבערגעבן עפעס א יינגערן פון אייך?". ענטפערט בערל: „מיין יונגערמאן, דאס וואסערטראגן אין שול אריין איז מיין מצווה און מיין חזקה און האב נישט בדעה דאס עמעצן איבערגעבן... אז כ׳וועל שטארבן וועל איך דאס איבער־געבן מיין זון שמעון..."

אייזיק קורין
ח י פ ה

# ט ו ר ק ה

## א. עיירה בישראל



העיירה טורקה השתייכה לאוסטריה עד להתפוררותה של המונרכיה האוסטרו־הונג־רית בשלהי מלחמת העולם הראשונה; אז עברה לפולניה. מסוף מלחמת העולם הש־נייה היא נמצאת תחת מימשל רוסי.

טורקה שוכנת בקרפטים, במרחק 30 קילומטר, לערך, מפסגת הבסקידים. האוכ־לוסייה בעיר מורכבת היתה מ־50% ולמעלה יהודים; גם בקרב אוכלוסיית הכפרים, שמס־פרם רב היה סביב טורקה, היו יהודים רבים, ביניהם גם עובדי אדמה ממש. את יתר האוכלוסיה בעיר היוו פולנים ואוקר־אינים. התושבים הפולנים היוו ברובם את האינטליגנציה שבעיירה; ביניהם היו מורים, פקידי ממשלה וכו׳. אך אינטלי־גנציה מסויימת, מורים בעיקר, היתה גם בקרב האוכלוסייה האוקראינית.

פקידים יהודים במימשל הכללי היו מעטים מאד, אך לעומת זאת זוכר אני שני יהודים כראשי עיר. ראש עיר יהודי אחד היה שכטר, גביר העיירה, והשני — ד״ר לנדס. ורק בשנת 1916 או 1917 נתמנה פולני כראש העיר — מנהל בית הספר. במיוחד יש לציין כאן את ד״ר לנדס, אשר פעל רבות לטובת העיר. אכן, לא פעם עולה רעיון במוחי, כי ד״ר לנדס זה שימש לאבא חושי שלנו דוגמה טובה...

וטורקה, ככל ערי גליציה, ישנה שנתה דור אחרי דור... עד שההשכלה החלה להתדפק בשערי מושבי ישראל — במי מוקדם יותר ובמי מאוחר יותר. בכל אופן, אלינו, לטורקה, הגיעה ההשכלה מאוחר מאוד... ורק יחידי סגולה,

אשר גם לא העזו לגלות עובדה זו, טעמו טעמה בסוף המאה הקודמת או בראשית המאה הזאת.



דער ליטמיש ווען אפ אייז צוגייט. נחל ליטמיש בעת הפשות השלגים

## ב. הרכב האוכלוסייה היהודית

כברוב ערי גליציה, עסקו היהודים גם בטורקה בעיקר במסחר זעיר ובמלאכה. כל החייטים, למשל, היו יהודים, שתפרו גם בשביל האוכלוסייה הכפרית הגויית. גם הבנאים היו ב־95 אחוזיהם יהודים. בקרב הסנדלרים היה, אולי, גוי אחד... וכך ברצענות, בספרות וכו׳. גם אנשי האינטליגנציה החופשית, היינו, עורכי־דין, רופאים וכו׳, היו כולם יהודים, לבד משני רופאים — אחד היה מנהל בית החולים והשני ממונה על משרד הבריאות. לא ייפלא, איפוא, שכל הרחובות הראשיים בעיירה היו תפוסים עד סוף המאה על־ידי יהודים... ורק בשנים 1909־10 החלו לחדור גויים מספר לתוך המרכז היהודי. כך פתח אחד בשם שציפקה — שהיה משרת קודם אצל שכטר הנ״ל — מסעדה; ואילו שני — קוצירה שמו — פתח מסעדה.

במרוצת הימים נתאספו גם חנויות מכולת של גויים ובמיוחד צרכנייה אוקראינית. למקורות מסחר נוספים טרם נכנסו, כי־על־כן תפוס היה הכול על־

ידי יהודים. ברם, באמצע שנות השלושים בא שינוי לרעה: נפתחו אז הרבה חנויות של גויים.

## ג. ציונות בעיירה ..

הציונות, כתנועה, הופיעה בעיירה שנתיים־שלוש לאחר הקונגרס הציוני הראשון.

וכך היה הדבר. בראשית המאה החלו להשלים את מסילת הברזל בין לבוב לבודפסט דרך הקרפטים; מסילה זו עברה דרך טורקה. עניין זה גרם לעלייה כלכלית בטורקה והעיירה יצאה מאביונותה. נמצאו אז בעיירה ובסביבתה אלפי פועלים — בעיקר בני איטליה — והיה שבר. ביחד עם זאת נסתייע דבר נוסף: עם העובדים הגיע גם מהנדס יהודי אחד, בשם רוזנבלט, והוא נדבק בציונות; מהנדס זה הוא אשר הביא את הרוח החדשה בקרב כמה מבחורי ה„קלויז"ים. וכך נעשתה הפירצה הראשונה... בין הראשונים האלה יש להזכיר את ברוך מאי (בתו תבלח"א נמצאת בארץ), נחמיה שטיגר, יוסף קופל, י"מ שרייבר, בריש לורברבוים. ברבות הימים נתווספו על הנועזים האלה צעירים נוספים וייסדו אגודה ציונית בשם „מזרחה", ובשנים 1907—1910 כבר היה רישומם ברחוב היהודי ניכר למדי. וכאשר הגיע תור הבחירות לפרלמנט האוסטרי ועמדו לבחירה ד"ר לוינשטיין המתבולל, שנתמך על־ידי המימשל, וד"ר ציפר הציוני — פרצו מהומות בעיירה והיתה גם הפגנה ציונית על רקע זה.
כבר באותו זמן היתה התחלה כלשהי של בית־ספר עברי. אך הפעולה היתה מוגבלת מאוד ללא הצלחה ניכרת.

*

בתקופת מלחמת העולם הראשונה נשתנה הכול מן הקצה אל הקצה. עם כניסת הרוסים העירה יצאוה היהודים; הם חזרו אליה רק עם כיבושה מחדש על־ידי הצבא האוסטרי בשנת 1915. מאז התחילו הדברים כאילו מחדש — הכול על־ידי הצעירים; המבוגרים מגויסים היו בצבא. וכאן מופיע צעיר אחד — שהנהו כיום ראש עיר חיפה — ומכנס מניין נערים בביתו, בני־טובים ובעלי פאות מסולסלות (בתוכם גם כותב שורות אלה), ומתחיל לדבר על ייסוד צעירי־ציון, על לימוד עברית, הכנות לעלות לארץ־ישראל וכו׳. אכן, התחלנו ללמוד עברית; השתמשנו בספרו של משה ראס.

וכאשר התחילו פליטי המלחמה לחזור לעיירה, נתווספו חברים רבים לצעירי־ציון. במשך הזמן נתפרדה החבילה: חלק אחד, עם אבא חושי, עבר להשומר הצעיר, ואילו החלק השני נשאר צעירי־ציון עד הופעת ה„התאחדות״. שתי האגודות עשו פעולות תרבותיות רבות בעיר. ליד צעירי־ציון נוסדה אז ספרייה ובה נמצאו ספרים ביידיש, בעברית, בפולנית ובגרמנית. בהשומר הצעיר השתדלנו להתכונן לעלייה ארצה. השגנו אז שטח אדמה קטן לעיבוד. חטבנו גם עצים אצל בעלי־בתים בעיירה... ובימים ההם היו אלו פעולות מהפכניות מאוד...

הפעולות התרכזו בעיקר בבית־העם, שנבנה על־ידי ההסתדרות הציונית המקומית; את המגרש לבית זה תרם עוד לפני מלחמת העולם הראשונה יהודי אחד בשם ד״ר טורנהיים.



בשנת 1920 עלתה לארץ הקבוצה הראשונה, ובראשה אבא חושי (בשל אסון במשפחתי לא עליתי אני עם הקבוצה הזאת). ואחרי זמן־מה עלתה קבוצה שנייה, של צעירי־ציון, ובראשה משה ישראלי.

ומאז התחילה תנועת „החלוץ״, שחבריה באו מהסתדרויות שונות. נוסדה אז גם תנועת „גורדוניה״, שמייסדה בטורקה היה מנס ברנס ז״ל. זכורני, עם ייסוד התנועה הזאת הגיע לעיירה פנחס לוביאניקר לביקור הדרכה. פעילים ב„התאחדות״ היו שלמה פלך, שלמה פיילר, משה קרבס ועוד.

במיוחד רוצה אני לציין את פעילותו של י״מ שרייבר, שכל ימיו היה מורה לעברית וכן המורשה של קק״ל. הכול, הכול קיבלו השראתם ממנו. ועוד בשנת 1939 קיבלתי ממנו מכתב ודרישת שלום בשביל החברים בארץ.

ד. לקט

היה זה בשנת 1918. תנועת „השומר הצעיר״ בגליציה היתה אז במלוא פריחתה. התנועה כולה היתה מושתתת על „הסקאוטינג״ והתלבושת הבדן־פאולית היתה ניכרת מאוד.

ואז הוחלט במרכז התנועה על כינוס ארצי. אבא חושי כבר ידע אז להשפיע על המרכז, שהכינוס ייערך על־יד העיירה טורקא בכפר טרנאו. היה

זה וכך וכך אחרי שיטפון אחר... ברם, הכול ידעו, כי היא צועדת כבר מזמן בשנות השמונים לחייה...

ובכן: הבית של ר׳ אברהם־אלתר נבנה מיד לאחר השריפה הגדולה בעיירה, ביחד עם בתים אחרים, „באיליצה" המפורסמת. והיתה אז עבודת בניין קדחתנית בעיירה, והלבנים נסחבו למקום הבניה „ישר מהתנור", אשר בציגלניה (מלבן), כי־על־כן עמדו הבנאים וחיכו לחומר...

## טורקה עורכת גלות

ובקרבת הבית היה נפח אוקראיני. היה זה שונא ישראל מובהק, אם כי מסביב בית־מלאכתו שכנו יהודים רבים. תמיד זמם לעשות משהו נגד שכניו. ואמנם מצא שעת כושר: כאשר ערכו יהודי טורקה גלות; כשברחו בפרוץ מלחמת העולם הראשונה מזעמם של קלגסי „פוני" — היה נפח אנטישמי זה הראשון, שהתפרץ לבתי שכניו היהודים ובראש וראשונה לביתו של ר׳ אברהם־אלתר, כדי לשדוד כל מה שנשאר לפליטה.

ור׳ אברהם־אלתר יצא בבהלה בראש יהודיו מעיירתו, כדי לערוך גלות, כפי שכבר נאמר, בנכר האימפריה האוסטרו־אונגרית עד יעבור זעם המלחמה. הכול יצאו בעירום ובחוסר־כול — לוקחו רק דברים, שאפשר היה לשאתם ביד. אך ר׳ אברהם־אלתר לא חשב על אלה — הוא לקח בידו את ספר־התורה שהיה בביתו. וכך הגיעו עד הכפר שאנקי. שם נודע, כי אחד היהודים נשאר בעיירה, וכי הפורעים אינם נותנים לו לצאת... ור׳ אברהם־אלתר משאיר את משפחתו, הפליטים הנודדיים, בנקודה מסויימת, ובעצמו מחליט לחזור לעיירה לגאול את היהודי, כשבידו מכשיר שיכנוע מיוחד במינו: בקבוק יי״ש...

## הפליטים חוזרים הביתה

אחרי המלחמה חוזרים יהודי טורקה לבתיהם ההרוסים; גם ר׳ אברהם־אלתר חזר. ושוב הנפח האוקראיני: באנדרלמוסיה של חילופי המשטרים זומם הוא שוב מעשי רציחה — הוא שולח בחשכת הלילה קלגסים לבית ר׳ אברהם־אלתר לשדוד ולרצוח. ובביתו הצר חיו אז גם כמה אנשים זרים וכן קרובי משפחה וביניהם אחיו.

ויהי בהתפרץ הפורעים לבית נטפלו לר׳ אברהם־אלתר ועמדו לרצחו נפש. הילדים הקימו קול זעקה — אך איש מהשכנים לא העז לעלות ולהציל... והמצב היה בכל רע. אולם רווח והצלה הגיע מהדוד, שישן בפינה נסתרת: כאשר הבחין, כי הפורעים מכים את ר׳ אלתר הגיח בפתאומיות, כיבה בנשיפה את הנרות

שבידי הפורעים והתחיל לסחוב מידיהם בחשכה את ריביהם. הפורעים חשבו, כי הגיעה תגבורת יהודית גדולה — וברחו מן הבית...

וההתנפלויות התקיימו גם במקומות אחרים בעיר. היהודים ראו, כי דמם הפקר וקמה „ההגנה העצמית": אז התחיל לפעול בעיירה הצעיר אבא חושי...



ר' אברהם־אלתר זכה לעלות ארצה בשנת 1937 ונפטר בשיבה טובה בחיפה בשנת 1952.



ר' אברהם־אלתר מונטג

משה קירשנער
חיפה

# דער טורקער עסקן שלמה פעלעך



צוואנציק יאר איז שלמה פעלעך געווען דער אנפירער פון דער ציוניסטיש־סאציאַליסטישער ארגאניזאציע, די אזוי גערופענע „רעכטע פועלי־ציון״; אויך איז ער געווען טעטיק אין פארשידענע פראפעסיאנעלע אינסטיטוציעס, געהאלפן צענדליקער און אפשר הונדערטער יידישע יינגלעך צו גע־פונען זייער וועג אין לעבן. איין זאך נאר האט ער פארנאכלעסיגט: זיין אייגענע ארבעט, זיין שניידעריי...

זיצונגען בייטאג, פארזאמלונגען ביי־נאכט, געלאפן דא און דארט אינטערווע־נירן ביי דער מאכט פאר די, וועלכע האבן זיך אין אים געגויטיקט.

מ׳מוז צוזאגן: אין פאליטישן קאמף פאר זיינע איבערצייגונגען, אין זיינע פרינציפיעלע שטעלונגען אין געזעלשאפטלעכן לעבן איז ער געווען קאנסעקווענט און נישט שטענדיק נאכגיביק... פון דער צווייטער זייט זענען זיינע פאליטישע פארטראגן יעדן פרייטיק־צו־נאכטס אין לאקאל פונם „התאחדות פועלי־ציון־איחוד״ געווען זער אינהאלטסרייכע, און פארנומען זיך איבער די יידישע אנגעווייטיקטע פראבלעמען אין דער גארער וועלט; איז דאך פעלעך געווען א ייד מיט א טיפן נאציאנאלן באוווסטזיין און דאצו האט געשטעקט אין אים א גרויסע ליבע צו זיין פאלק.

כ׳דערמאן זיך יעצט א פאקט, וואס כאראקטעריזירט טאקע פעלעכן: קיין טורקא איז אמאל אראפגעקומען דער פוילישער מיניסטער מאראטשעווסקי און אפגעהאלטן א פארזאמלונג. קיינער פון די טורקער יידן האט נישט געוואגט צו נעמען אווארט; איינער האט יא געוואגט — דאס איז געווען שלמה פעלעך... ער האט טאקע אטאקירט דעם מיניסטער פאר זיין שטעלונג אין דער יידן־

פראגע. דער מיניסטער האט זיך געפילט באליידיקט, אפגעענטפערט אים מיט כעס און אים שטארק געטאדלט.

אויך אין דער טורקער שטאט־געמיינדע האט ער געפירט א געראנגל פאר דער ארעמער יידישער באפעלקערונג, און באזונדערס פאר דער יידישער דאָ״ף־באפעלקערונג; ער האט דאמיט געזארגט, אז די פילאנטראפישע אינסטיטוציע׳ס זאלן ערלעך און גלייך פארטיילן זייערע גאבן.




איז דאך שוין קיין וואונדער נישט וואס צוואנציק יאר אן אונטערבראכן איז ער געווען מיטגליד אין טורקער יתומים־הויז פארוואלטונג.

בקיצור, ער איז געווען א קוואל פון ארבעט, פון ענערגיע און מוט, וואס האט נישט זיין גלייכן אין טורקא. אויך די פרומע און רעליגיעזע קרייזן אין שטאט האבן זיך זער פיל גערעכנט מיט אים, און דאס צוליב זיינע גוטע באנעמונגען מיט מענטשן.

תהא נשמתו צרורה בצרור החיים.

אלי מאנטאג

# דער לעצטער הושענא־רבא

וואס פאר א חברה איר זאלט נישט אנרופן, וועלכע איז נאר פארהאן געוועזן אין א יידישע שטאט און שטעטל, האט נישט געפעלט אין טורקא. מ׳קאן זיי אנרופן — חברה „ביקור חולים״, „חברה קדישא״, „חברה משניות״, „חברה תהילים״ און נאך און נאך אנדערע. יעדע חברה האט געהאט איר גבאי, א באזונדער „שטובל״, ערליך ערפילט אירע חובות, און בעיקר אפגעהאלטן עטלעכע מאל אין יאר אירע קידוש׳ס. מען האט גענומען צוטראגן משקה, ביי די דאזיקע קידוש׳ס, נישט שיכור צו ווערן, חלילה, נאר גלאט אזוי פריילעך צו זיין, געווונשן זיך „לחיים״, פארגעסן אויף א ווײַלע דאגות פרנסה און גערעדט מיט קנאה פון אמאליקע צייטן, ווען בראנפן האט מען נאך פארקויפט פון גראיסע קאטקעס, פעסער הייסט עס, און פון קיין מאנאפאל האט מען נאך נישט געוווסט...

צווישן דעם שפע פון חברות איז אויך אין אונזער שטעטל געווען א חברה מיט נאמען „חברה־שמות״. און ווען טייל חברה׳ס זענען באשטאנען פון חשובע בעל־בתים, אויבערשטע פון שטייסל, איז „חברה־שמות״ גראד באשטאנען פון פראסטע יידן, שניידערס, שוסטערס, מוראזשעס, דארפסגייערס (זעלצארס) און סתם „עמך״. א חוץ אפהאלטן די רעגולערע קידוש׳ס, מלווה־מלכות איז איר טעטיקייט באשטאנען פון צוזאמענעמען די שמות פון אלע בתי־מדרשים און אין הושענא־רבא פירן זיי מיט גרויס פאראד אויפן בית־עלמין צו באגראבן זיי.

ס׳איז מיר נישט באקאנט אזא חברה אדער מנהג אין אנדערע גאליציאנער שטעטלעך; און אין טורקא האט עס אנגענומען א קאלירפולע פארם, וואס איז ווערט פארצייכנט צו ווערן. דאס אינטערעסאנטע איז, דאס אלע אין שטעטל, אן אויסנאם, האבן דאפון געהאט גרויס הנאה. מילא די מיטגלידער פון דער חברה גופא — פאר זיי איז עס פארשטענדלעך: ס׳איז דאך געווען זייער אייגענע שמחה. זיי האבן עס געווארט א גאנץ יאר דארויף; זיי האבן עס באארגט דעם גרויסן קאסטן, אין וועלכן די שמות זענען אריינגעלייגט געווארן: זיי אליין האבן צוגעשטעלט דעם פערד־און־וואגן, מיט וועלכן מ׳האט עס געפירט; אליין אפגערעט מיט די כלי־זמר קאפעליע, מ׳זאל קומען שפילן

אַן א גראשן געלט. און אויך אליין געריטן פאראויס פארן עולם. בקיצור: זייער שמחה, זייער פאראד. אבער, ווי געזאגט, הנאה האבן געהאט אלע, דער גרויסער עולם פשוטע יידן, יונגווארג פון יעדן עלטער, חדר־יונגלעך, און סתם ווייסע־חברהניקעס, וועלכע האבן שוין לאנג געווארט אויף אזא טומלדיקע געלעגנהייט.

דער מנהג איז געווען, דאס אין דער גרויסער שול און בית המדרש און אין אלע קלענערע בתי מדרשים פלעגט שטייען אין א ווינקל פון פלוש א גרויסער קאסטן. צוריסענע סידורים, מחזורים און גלאט זייטלעך, פארגעלטע, אפגעבלאקעוועטע, וועלכע פלעגן ארומליגן, זענען תמיד פון גרייטע הענט אויפגעהויבן געווארן און אריינגעלייגט געווארן אינם דאזיקן קאסטן, זיי זאלן זיך נישט ארומוואלגערן און מחולל ווערן. געווען הייסט עס מענשן, וועלכע פלעגן זיך נישט פוילן אויפצוהויבן די „שמות" אין גאס, אדער ווו ז'זאלן נישט זיין און ברענגען אויפן באשטימטן ארט. דורכן יאר זענען די קאסטנס געווארן פולער און פולער. און געקומען איז דער טאג פון הושענא־רבא, ווען די שמות פון אלע בתי־מדרשים זענען צוזאמענגענומען געווארן און געבראכט געווארן אין שול אריין, כדי פון דארט זיי אפפירן אויפן בית־עולם.

און געווען איז דאס הושענה־רבא תרצ"ט — 1938. יידן פון דער „חברה־שמות" האבן אפגעדאוונט פריער פון אלע אנדערע; גיכער ווי תמיד אהיים־געשפאנט, כדי אין איילעניש אפצועסן. דאס וועטער איז געוועןווארעם און זוניק. בינטלעך יידן פון אלע עקן שטעטל האבן געשפאנט און איילעניש צו דער שול. דער פערד־און־וואגן, אויף וועלכן דער קאסטן מיט די שמות האט געדארפט געפירט ווערן, איז שוין געשטאנען גרייט אין פראנט פון דער שול. אין פלוש האט מען זיך געפארעט מיט אנפולען דעם קאסטן מיט די שמות. אין דרויסן איז דער עולם געוואקסן פון מינוט צו מינוט. יידן האבן פארגעסן דאגות פרנסה, פארגעסן אויך די שווארצע כמארעס, וועלכע האבן זיך שוין געזאמלט אויפן פוילישן הימל. די שטימונג ביי אלע איז געווען אַן אויפגעלייגטע. מען האט געזאגט גלייכווערטלעך און איינער מיט אנדערן האט געשפאסט און חוזק־געמאכט פון דער גארער וועלט. אין געדעכטן גערעדעריי האט עולם באלד פארגעסן די הכנות, וואס זענען יעצט אנגעגאנגען אין פלוש, און צוליב וואס אייגנטלעך האט מען זיך דא פארזאמלט...

מיט אמאל האט זיך דערהערט א באסאווע שטומע — "מ'גייט שוין!" אלעמענס אויגן האבן זיך א קער געטון צום שול־אויסגאנג, פון וועלכן פיר

פארשוינען האבן ארויסגעטראגן א גרויסן קאסטן, איבערגעדעקט מיט א טלית. א סך אנדערע ארום האבן זיך געשטופט ווי זיי וואלטן געוואלט זיין איינס מיט די נושאים. דער קאסטן איז פאמעלעך ארויפגעלייגט געווארן אויפן וואגן; דער פארשוין אויף דער קעלניע האט געגעבן א צי די לייצעס און דער גאנצער עולם האט זיך געלאזט אין וועג אריין. דעם אמת געזאגט, ס׳האט נישט אויסגעזען ווי א רעגולערער פאראד, ווי א שטייגער מ׳שפאנט אין רייען צר־פיר, אדער ווי קינדער האלטן הענטלעך צר־צוויי. ניין, ס׳האט גיכער אנגענומען א בילד פון א יידישער חתונה, בשעת חופה שטעלן, ווו יעדער שטופט זיך. יידן, עלטערע און יונגערע האבן געשפארט פון ביידע זייטן וואגן פון פאראויס און פון אונטן. דער וועג האט זיך געצויגן פונם שול־טויער דורך דאקטאר־לאנדעס גאס אריבער די בריק, ארויף אויפן „לאקעטש" און דאן זיך פארנומען מיטן סאמבורער וועג. דער וועג האט זיך געצויגן בארג ארויף צווישן ביידע זייטן פעלדער, פון וואנען מ׳האט דייטלעך געזען דאס גאנצע שטעטל אין טאל.

אין פראנט איז געריטן מלך דער זעלצער אויף זיין געל־רויטליכן בולאן. די גריווע פון פערד איז געווען פארפלאָכטן אין צעפעלעך, באהאנגען מיט קאלירטע סטענגעס. מלך אליין איז געווען א קרעפטיקער ייד מיט ברייטע פלייצעס, מיט א בלאנד־רויטליכער בארד און פרייליך פנים. ער איז געווען אויסגעפוצט אין א פורימדיקן מונדיר, מיט א בלאסקענדיקער קרוין אויפן קאפ, כמעט אויסגעזען ווי אן אמת׳ער מלך... ווען די כלי־זמר קאפעליע האט זיך געלאזט הערן אויף זייערע כלים און דער בולאן האט געהויבן זיינע קאפיטעס צום טאקט, האט ער קרעפטיק געהאלטן דאס צוימל אין זיינע הענט; עולם האט דערפון הנאה געהאט.

גלייך נאך דעם וואגן האט געשפאנט אין א ברייטער ריי די כלי־זמר קאפעליע, איינע פון די בעסטע און בעקאנטעסטע יידישע קאפעליע אין אלטן גאליציע. דורכן גאנצן וועג זענען זיי נישט מיד געווארן צו ארבייטן אויף זייערע כלים־אינסטרומענטן. די לופט איז פול געווארן מיט יידישע ניגונים פריילעכע און הארצנאגנדע. ס׳האבן מיטגעשפאנט און סתם געשטאנען ביים וועג אלערליי יינגע בחורים און מיידלעך. טייל האבן זיך געוויצלט, געשטיפט און געלאכט אויפן הויכן קול.

און דערווייל איז דער עולם וואס ווייטער געגאנגען אלץ גרעסער געווארן. פון חדר־יינגלעך האט קיינער נישט געפעלט, קלענערע און גרעסערע. שמחה און פרייד איז אויסגעגאסן געווען אויף זייערע חנ׳עוודיק־קינדישע

פנימלעך. דא האט מען נישט געמוזט גיין אין פארלעך און האלטן זיך ביי די הענט, ווי א שטייגער פון שקאלע דעם 3־טן מאי. דא איז געגאנגען — וואס הייסט געגאנגען! — ממש פלאנטערנדיק זיך מיט דעם דערוואקסענעם עולם, מיט די כלי־זמר, און געקוקט ארויף צו הערשעלע פויקער, וועלכער האט געטראגן זיין גרויסע פויק, אנגעטון אין פראנט פון זיך. האט מען געוואלט, האט מען אנגערירט דעם פאסעק, אויף וועלכן די פויק האט זיך געהאלטן און אפילו די פויק אליין אויך! מיט איין שפרונג איז מען שוין געווען נעבן פערד־און וואגן. באלד האבן זיי זיך געפונען ארום מלך זעלצער, וועלכער איז געווען די הויפט־אטראקציע פון עולם ארום.

פאמעלעך האט זיך דער גאנצער עולם אנגעהויבן דערנענטערן צום „הייליקן ארט״. עלטערע יידן האבן בודק געווען זייערע גארטלען, „חברה־שמות״ האט נענטער ארומגערינגעלט דעם וואגן. אט האט זיך דער גאנצער עולם אפגעשטעלט. א שטילקייט האט ארומגענומען אלעמען; יידן האבן פאמעלעך און מיט יראת הכבוד ארונטערגענומען דעם קאסטן מיט די שמות און אים אריינגעטראגן דורכן הויפט־טויער פון יאווארער וועג צו קבורה. דער עולם איז א ווילע ווידער געשטאנען אין שטילקייט, אבער באלד צו זיך געקומען.

יעדער אויף זיין שטייגער האט געזוכט א קורצן וועג צוריק אראפ אין שטעטל, וואס איז געליגן אויסגעשפרייט אין טאל. ווער מיטן פוסוועג, גלאט ביים פארקן פון בית־עולם, ווער מיטן בארג־אראפ איבערן טונעל. אנדערע האבן סתם אזוי געוואלט הנאה האבן פון גאטס שענער וועלט אין א שפעט־זומערטאג און פאמעליך געשפאנט מיטן דרך הישר. יונגוואַרג איז אבער אויך פארבליבן ביזן שפעטן פארנאכט, זיך צושפרייט איבער די ווייטע פעלדער. דער ארום איז פול געווארן מיט געלעכטער און געזאנגען, וועלכע האבן הויך און לאנג אפגעהילכט אין די ארומיקע בערג.

געווען איז דאס דער לעצטער הושענא־רבא אין טורקא, וועלכעס איז מער שוין נישטא.

חיים פעלער

# סתם־טייערע יידן אין טורקא

אסך טייערע און ווילע יידן זענען געווען אין טורקא. זיי האבן זיך אפגערופן אויף יעדער נויט, וואס א טייל טורקער יידן האבן געליטן.

אברהם־יעקב שפרונג איז געווען אן הויך־אנשטענדיקער ייד און מענטש. ער האט געהאט א געשעפט פון מעל — און אסך יידן האט ער יעדן דאנערשטיק געגעבן מעל אויף שבת און דאביי געזאגט: „דו וועסט מיר שוין באצאלן די צווייטע וואך...” און דאס האט ער געטון, אז קיינער זאל נישט וויסן, אן רעקלאמע — מתן בסתר.



נחמן ברענעס איז געווען א טייערער ייד. ער האט געגעבן גרויסע נדבות און אסך געלט פאר פארשידענע װוילטעטיקע אינסטיטוציעס. א פאלקס־מענטש מיט גוטן כאראקטער.

מלכה הירט האט אין שטאט געגעבן די גרעסטע שפענדן אויף אלע ווילטעטיקע אינסטיטוציעס. אן אפענע האנד מיט א גוט הארץ, וואס איז געווען א זעלטנהייט. ס'איז נישט געווען אין שטאט דער ארימאן, וואס האט נישט באקומען קיין שטיצע פון מלכה הירט. ארעמע חתונות, ארעמע בריתן, קראנקע יידן, קראנקע קינדער — מלכה האט אויף אלעמען געגעבן. מיט איר גוטסקייט האט זי נישט געהאט קיין גלייכן. זאל זי לאנג לעבן.



אל תשליכני לעת זקנה...

חיה דינסטאג האט געווינט אין סאקאליק און געווען זער א פרומע פרוי. זי פלעגט קומען יעז'ע וואך אין שטאט אריין און האט שוין געהאט אירע ארעמע פרויען, וועמען זי פלעגט געבן וואכנגעלד. זי פלעגט מנדב זיין ספעציעל אויף רעל׳יגיעזע צוועקן.

א טייערע און ערלעכער ייד איז געווען מרדכי' ווארזאגער. אן אלטער ציוניסט. געפארן קיין ארץ־ישראל, צוריקגעקומען און אומגעקומען אין לעמבערג.

לייזער גארט, א ווילער ייד, וואס האט געגעבן צדקה מיט א ברייטער האנד.

א פיינער מענטש און א גוטער ייד איז געווען דער אפטייקער פעלדמאן. ער האט זיך געלאזט קאסטן אסך געלט, ווען מ׳האט געבויט אין טורקא די נייע שול אין מיט ברייטע האנד געגעבן צדקה אויף אלע פילאנטראפישע אינסטי־טוציעס. א לאנגע צייט געווען פארזיצער פון די „יד חרוצים. אין די אוקראינישע צייט איז ער אלס אוקראינישער לייטנאנט ארומגעלאפן אין שטאט און מיט מסירות־נפש געיאגט די אוקראיניש׳ע סאלדאטן פון שטאט האלטנדיק דעם רעוואל׳ווער אין האנד. זאל ער לאנג לעבן.



פנחס די מאנישקעס מאכט פרנסה...

פנחס גוטליב ביום השוק.

**דער דירעקטאר** בערנשטיין **פון דער גרויסער זעג אויפן סטרי איז געווען פרעזעס פונם יידישן יתומים הויז; ער האט עס אויפגעבויט דאס הויז און עס אויסגעהאלטן אין שווערע צייטן.**

אברהם ווייס, **אזשע ווייס׳ס זון, האט פארוואלטעט מיטן יתומים הויז און אוועקגעגעבן זיין גאנץ לעבן פאר די יתומים.**

ד״ר ראזנבערג, **אליין א קראנקער מענטש, איז אלעמאל געגאנגען צו ארעמע קראנקע צו־פוס און אסך מאל נישט גענומען קיין געלט. אויפן זעלבן אופן האבן געהאנדלט** ד״ר רינטל **און** ד״ר פריינדליך.

מלך בראווער, **אן אלטער ציוניסטישער טוער.** ברוך קאפעל, נפתלי קרויס — **אלטע און אקטיווע ציוניסטן.** בעריש לאבערבוים, מתית מויס, מענדיל פיי־לינגער, שלמה פיילער (**בן אייזיק**), משה קרעבס, משה ראזן (**בן שלמה**) יאסל ברענעס (**בן יעקב**), שלמה צאצקיס — **אלע האבן שטענדיק געארבעט פאר פארשידענע יידיש־נאציאנאלע און פילאנטראפישע אינסטיטוציעס.**



הרינעק דער רינק

משה פראם
חיפה

# כאלויקעס

קבצנים, אביונים און סתם ארעמלייט זענען געווען אין יעדן יידישן שטעטל; אויך ביי אונז אין טורקא האט נישט געפעלט דער מין. אבער אונזערע ארעמעלייט קאן מען בשום אופן נישט פארגלייכן מיט די בעטלער פון אלע אנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך. אט, פרווט, למשל, זוכן אין גאנץ פוילן — צו וועט איר געפונען ערגעץ־ווו, אז קבצנים זאלן פארמאגן אן אייגן הויז און לעבן ווי איין משפחה, מיט טראדיציע פון עטלעכע דורות?...

אָ, ניין, דאכט זיך, אז אזא מין אייגנארטיקייט איז געווען נאר אין אונזער שטעטל...

אויף דער הויפט־גאס אין דער איליצע, צווישן די הייזער פון בכבודיקע בעלי־בתים, איז זיך געשטאנען א הויז; נישט סתם עפעס א הייזל, נאר דווקא א קאמעניצע מיט א שטאק און א באלקאן פון פראנט, מיט א געשעפטס־לאקאל, אין וועלכן ס׳האט זיך געפונען א גרויס שניט־געשעפט. פון דרויסן האט זיך דאס הויז מיט גארנישט אונטערשיידעט פון אלע אנדערע שכנותדיקע הייזער. אבער גאנץ טורקא, פון קליין ביז גרויס, האט געוווסט, אז דא וווינען די שטעטישע ארעמעלייט, וועלכע מ׳האט גערופן „כאלויקעס".

פון וואנען שטאמט עס דער דאזיקער נאמען און וואס באדייט ער — האט קיינער נישט געקאנט אויסטייטשן, און זעט אויס, אז אפילו די כאלויקעס אליין האבן אויך נישט געוווסט... ס׳זענען אפילו געווען פארשידענע ווערסיעס וועגן דעם, אבער דעם אמת האט מען דאך נישט געקאנט דערגיין.

אלע כאלויקעס האבן געוווינט צוזאמען און געבילדעט איין גרויסע משפחה, איין קאמונע: מענער, פרויען און קינדער, זייער קרובהשאפט האט קיינער נישט געוווסט, און דאכט זיך, אז זיי אליין האבן זיך וואס־וועניקער געקימערט וועגן דעם... און כאטש זיי האבן געלעבט אליין עלנט און אין ענגשאפט, האבן זיי מקיים געווען די מצוה פון הכנסת אורחים. זייער הויז איז געווען א מין אכסניה פאר כל מיני ארעמלייט, וועלכע פלעגן אהערקומען

פון גאנץ פוילן... דא האבן זיי געקאנט איבערנעכטיקן, עפעס אפעסן און זיך לאזן אין וועג. די כאלויקעס האבן קיינמאל נישט אפגעזאגט זייער גאַסטפריינדלעכקייט. אויף נישט אויפנעמען אן אורח האבן זיך גיכער געקאנט דערלויבן די רייכע בעלי־בתים, אבער נישט זיי; ביי זיי איז די שטוב שטענדיק געווען אפן פאר נויטבאדערפטיקע... און אזוי האבן זיי זיך תמיד געפירט, אוז די אלע וואנדערער־ארעמעלייט האבן וועגן דעם געוווּסט און דאס גאנץ שען אייסגענוצט: זיי פלעגן קומען אהער פון גאנץ גאליציען און אפילו פון שטעט און שטעטלעך פון קאנגרעס־פוילן.

אין די שטובן ביי די כאלויקעס האט געהערשט אן אומבאשרייבלעכע ארעמקייט און עלנט. דאס גאנצע מעבל איז באשטאנען פון בלויז בעטן און פריטשעס, אויף וועלכע ס׳איז געווען אנגעווארפן אלט בעטגעוואנט מיט נישט איבערגעצויגענע איינשוטן. פליגן האבן דא געזשומעט מאסנווייז, פון דער פאד־לאגע ביז צו דער סטעליע. די אויסגעבראכענע שויבן אין די פענצטער זענען געווען פארשטעקט מיט רויטע קישנס פון וועלכע א העלפט איז געווען אין שטוב און די צווייטע העלפט אין דרויסן, און זיי האבן צוגעגעבן א מין באזונדערע מרה־שחורה...

און אין דעם דאזיקן געמויזעכץ האבן זיך ארומגעדרייט קליינע, שמוציקע קינדער מיט ראכיטישע פיסלעך, וואס נאר די שווארץ־חנעוודיקע אויגן פלעגט מען ארויסזען פון זייערע פארשמירטע בלאסע פנימלעך. זיי פלעגן זעלטן ארויסקומען אין גאס זיך שפילן, ווייל זיי האבן, נעבעך, נישט געקאנט אראפגיין מיט די הילצערנע צובראכענע שטיגן, פון וועלכע ס׳האבן געפעלט א סך ברעטלעך... מיט דער צייט, ווען זיי פלעגן אונטערוואקסן, און שוין יא קאנען מיט אייגענע כוחות אראפגייען — דאן פלעגט שוין די שטאט באווייכערט ווערן מיט נאך א פאר שנארערס...



דער עלטסטער צווישן די כאלויקעס איז געווען בערל כאלויק. א הויכער ייד, מיט א שווארץ פארקלימפערט בערדל, וועלכעס האט, דאכט זיך, קיינמאל נישט פארזוכט דעם טעם פון א קעמל... תמיד אנגעטון אין א שווארצע בעקעשע, ארומגעגארטלט מיט א גארטל, און א שווארצן קאפעלוש אויפן קאפ, וועלכער האט נאך זיבער געדענקט די צייטן פון גראף קאלינאווסקי...

בערל האט געהערט צו די חברה קדישא און חברה מתעסקים. ווען ער פלעגט זיך באווייזן אין גאס, האט מען שוין געוווסט, אז ערגעץ־ווו איז געשען אן אומגליק און אז עס וועט באלד פארקומען א לוויה... ער איז ארומגעגאנגען מיט א גרויסער בלעכערנער פושקע און צוזאמענגענומען צדקה. ער פלעגט נאך יעדע עטלעכע טריט שטייען בלייבן, פארייסן דעם קאפ מיטן בערדל אין דער הויך און אויסשרייען מיט א יאמערלעכן בת־קול: „צדקה תציל ממות"... א פחד פלעגט דאמאלס פאלן אויף די בעלי־בתים... מ'האט פאר אים מורא געהאט מער ווי פאר דעם מלאך־המות אליין... פלעגט מען טאקע גאנץ שנעל אריינוואַרפן א מטבע אין דער פושקע און אים ווערלן פטור ווערן וואס שנעלער...

א פאקט: ווען ס'איז געשטארבען דער אדוואקאט ד"ר לובינגער, איז אין זיין צוואה געווען אנגעזאגט, אז די חברה קדישא זאל שיקן צו זיין לווייה אן אנדער חברהמאן און נישט בערל כאלויקן... די קהילה פארזארגערס האבן טאקע מקיים געווען די בקשה — און „צדקה תציל ממות" האט געררופן דאמאלס מיט א דין הייזעריק קולעכל מרדכי זינדל דער שמש.



בעריל האט געהאט א ברודער, וועלכער האט געהייסן לייב; נאר גערופן האט מען אים מער יומטובדיק — לעאן כאלויק. א ייד מיט א שווארץ פארביטערט פנים, אויף וועלכן קיינמאל האט מען קיין שמייכל נישט געזען. ער פלעגט ארומגייען אין די הייזער נאך נדבות ווי א סעקוועסטער נאך אומזאץ שטייער... אים האט מען נישט געקאנט אפקומען מיט א שטיקל ברויט אדער מיט עפעס א קליין מטבעלע — ער פלעגט אזוי לאנג שטייען ביי דער אפענער טיר שווייגנדיק און קוקן מיט זיינע דורכדרינגנדע אויגן ביז ער האט באקומען זיינס...

אויף צוזאמענעמען שטיקלעך ברויט, אלטע קליידער און שיריים פון נגידישע טישן איז געווען א ספעציאליסטקע זייערס א שוועסטער רבקה כאלויק. א קליין, נידריק ווייבל מיט א צעשויברטן קאפ האר, וועלכע האט זיך קוים געשלעפט אויף אירע קראנקע פיס. און אזוי פלעגט זי א גאנצן טאג ארומלויפן צווישן די בעלי־בתישע הייזער, כדי צו באקומען א טעפל געקעכץ, א ביסל מילך

פאר די קינדער, שטיקלעך ברויט, אלטע אפגענוצטע קליידער — אלץ וואס בארמהערציקע בעל־הביתטעס פלעגן איר געבן.



א באזונדערער אריגינעלע טיפ אין דער משפחה כאלויקעס איז געווען זלמן כאלויק. א הויכער ברייט־פלייציקער ייד, א טרעגער פון בארוף. תמיד ארומגעבונדן מיט א גראבן שטריק און פון פארנט — מיט א זאק ווי א פארטוך. די סוחרים פלעגן אים נעמען אריבערצוטראגן פארשידענע סחורות, און די בעלי־עגלות האבן אים באשעפטיקט ביים אויפלאדן און אפלאדן שווערע זעק מיט מעל, רייז, צוקער, פעפער מיט הערינג און אנדערע סחורות. ס׳האט ביי אים טאקע נישט געשפילט קיין ראל צו נעמען א זאק מעל אויף די פלייצעס פון שפרונגס מעל־סקלאד, וואס אין רינעק, און אים איבערטראגן ביז צו הינדע־משה־הענטשעס געוועלב אין דער סוף אוליצע. און ווען זלמן האט אראפגעלאזט דעם זאק פון זיינע פלייצעס, אוועקגעשטעלט אים אויף זיין ארט און באקומען שכר־טרחה, פלעגט ער אויסגלייכן זיינע ביינער און געבן דאביי אזא מין געניץ, אז מ׳האט אים געהערט פון איין עק שטעטל ביזן צווייטן... אזוי ארום פלעגט ער צוויסן געבן זיינע פרנסה־געבערס, אז ער, זלמן, איז גרייט צו ווייטערע שליחותן.

כל זמן זלמן איז געווען ביי די כוחות און געקאנט ערלעך פארדינען זיין שטיקל ברויט, איז ער נישט געגאנגען צונויפנעמען נדבות. די גבירישע הייזער פלעגט ער באזוכן נאר דריי מאל אין יאר: פסח — נאך מעות־חיטים; פורים — צו דער סעודה; חנוכה — נאך חנוכה געלד.



אויסער זלמן כאלויק איז נאך געווען צווישן די כאלויקעס א געוויסער פראדוקטיווער עלעמענט, וועלכער האט געלעבט פון ארבעט און בכבוד פארדינט אויף פרנסה: שוסטערס, לאטניקעס, וועלכע פלעגן פאריכטן שיך, וואס קיין שום בעל־מלאכה האט נישט געוואלט נעמען אין דער האנד אריין... ס׳זענען געווען אויך בלעכערס, מאלערס און אנדערע בעלי־מלאכות, וואס פלעגן הארעווען

שווער. נאך אויף צו דינגען זיך א דירה און ארויסרייסן זיך פון די כאלויקעס — האבן זיי נישט געקאנט צוקומען.



אין יאר 1939, ווען די סאוויעטן זענען אריין קיין טורקא, האט יעדער געגלויבט, אז אין דער נייער סאציאלער ארדנונג וועט ענדלעך קומען א ישועה אויף די ארעמע כאלויקעס. אבער אין דער ווירקלעכקייט איז געשען דאס פארקערטע: זייער לאגע האט זיך נאך פיל פארערגערט. די פריוואטע געשעפטן האבן זיך ליקווידירט און ס'איז נישט געווען ווער ס'זאל געבן נדבות... ס'האט אנגעהויבן פעלן ברויט — און אויף די טישן פון מיטלשטאנד איז געווארן מאַגערער; קיין שיריים זענען נישט פארבליבן... די לאגע האט זיך נאך פיל פארערגערט צוליבן שארפן ווינטער אין יענעם יאר. די פרעסט זענען דעראנגען ביז 30 גראד, און קיין האלץ איז נישט געווען. און דעריבער האבן נעבעך אונזערע כאלויקעס געליטן הונגער און קעלט, עלנט און נויט.

און ווען די דייטשע רוצחים האבן ליקווידירט דעם יידישן ישוב אין טורקא, האבן זיי אויך נישט פארגעסן אין די כאלויקעס. דאסמאל האט מען זיי באהאנדלט גלייך מיט אלע... צוזאמען מיט די נגידים און חשובע בעלי־בתים פון שטעטל האט מען זיי געפירט זייער לעצטן וועג אין די פארניכטונג לאגערן.

אבער קיינער האט דאסמאל נישט גערופן „מת מצווה"; נישט בערל כאַלויק און נישט מרדכי זינדל דער שמש האבן געקלאפט מיט דער פושקע און געשריגן „צדקה תציל ממוות!"...

חיים פעלעך

# טורקער מעשהלעך

## א. רב הערש מיטן גט

איז געווען ביי אונז אין טורקא א ייד — רב הערש האט מען אים גערופן; ער האט ליב געהאט אביסל צו טרינקן... איינמאל, א פארנאכט איז ער אהיימגעקומען און זאגט צו זיין ווייב: „גיטעלע, טו דיך אן אין די שבתדיקע קליידער מיטן שטערנטיכעל — מיר גייען צום רב זיך גטן; און טו זיך אן שוין גלייך!" גיטל האט געזען, אז איר הערש איז שיכור, זאגט זי צו אים: „גיי לייג זיך שלאפן, ווייל דו ביזט נישט היינט מיט אלעמען. און צווייטנס, וואס איז דיר היינט איינגעפאלן זיך צוגטן מיט מיר? מיר האבן שוין איייניקלעך — אויף דער עלטער האסטו זיך בארעכנט, אז איך טויג נישט פאר דיר?" זאגט הערש צום ווייב: „גיטל, דו קאנסט גוט הערשן; ווען הערש זאגט גטן זיך, מוזטו גייען זיך גטן. גענוג 55 יאר זיך אנגעפלאגט מיט דיר..."

און אז גיטל האט געזען, אז זי וועט מיט אים גארנישט קאנען טוען, האט זי זיך אנגעטון שבתדיק מיטן שטערנטיכל. רב הערש האט גענומען גיטעלען אונטערן ארעם און זענען אוועק צום רב. אויפגעמאכט די טיר און געזאגט: „א גוטן אוונט, רבי". דער רב האט געענטפערט: „א גוטן אוונט, רב הערש, אווא, וואס פאר א גאסט איך האב; זעצט אייך, רב הערש". ווען רב הערש האט זיך געזעצט פרעגט דער רב: „רב הערש, וועלכן צופאל דארף איך דאנקען, וואס איר זענט היינט ביי מיר א גאסט?" ענטפערט הערש: „רבי, איך בין זיך געקומען גטן מיט מיין גיטעלען; רבי, כ'בעט אייך, אז איר זאלט מיך נישט פרעגן פארוואס און פארוועו. איך גיי זיך גטן מיט מיין טייער ווייב, און ס'וועט גארנישט ארויסקומען פון אייערע פראגן. און אז הערש זאגט שרייבן א גט — קאנט איר דאך שוין גוט הערשן: ס'וועט גארנישט העלפן."

זעט דער רב, אז הערש איז שיכור ווי לוט און וועט מיט אים גארנישט קאנען מאכן, זוכט ער עפעס א מיטל קעגן אים: הערש איז דאך אן ארימאן, קיין געלט האט ער נישט — וועט ער אים זאגן א גרויסע סומע געלט פארן גט, וועט שוין ממילא גארנישט ארויסקומען דאפון. זאגט ער צו הערשן: „גוט, אויב איר, רב הערש, ווילט א גט, וועל איך שרייבן א גט. וואס קאן

איך טוען מיט אייך?... איך וועל עס אייך מאכן ביליק — 30 קראנען וועט אייך קאסטן דער גאנצער גט מיטן שרייבן (פאר א גט האט מען דאמאלס גענומען פון 6 ביז 10 קראן)..."

דערהערט דאס, הויבט זיך אויף רב הערש פונם בענקל און זאגט צום רב: „רבי, גאט איז הייליג און די תורה איז הייליג, נאר איר, רבי, זענט א שגץ שבשקצים, און א רוח אין אייער טאטנס טאטע ביז אברהם אבינו... 30 קראנען ווילט איר ביי מיר פאר א גט — גיטעלע, גיי אהיים און קאך וועטשערע... א גוטע נאכט רבי!..."

## ב. רויזעלעס חתונה

מיט יארן צוריק איז אין טורקא געווען א פריילין מיטן נאמען רויזעלע. זי איז געווען אביסל „צוגעקלאפט", אבער נישט משוגע... זי האט זיך ליב געהאט שען אנצוטון, אבער דאך איז זי נישט איינמאל ארומגעגאנגען „אויס־געפוצט" אין צעריסענע קליידלעך. זי פלעגט אריינקומען אין א סך רייכע שטובן און דאבײ זער א סך גערעט און דערציילט פארשידענע מעשיות. אין די אלע ערטער האט מען זי גערן אויפגענומען, און אזוי ארום איז די גאנצע שטאט געווען אירע באקאנטע.

אין געוויסן אנהויב זומער איז אנגעפאַלן קיין טורקא א יידישער ארבעטער פון דער גארער וועלט, ווארשיינליך אויך אזעלכער ווי זי, און פארליבט זיך אין רויזעלען... גייט שוין יעצט רויזעלע ארום און בארימט זיך, אז זי האט אין קורצן חתונה. ווען דאס שטעטל איז וועגן דעם געוואר געווארן, האבן זיך צוזאמענגענומען געוויסן יידן, און הויפטזעכליך פרויען, און אנגעהויבן זאמלען געלט, כדי חתונה צו מאכן אן ארעם מיידל. און פאר רויזעלעס חתונה האט עולם געגעבן געלט! האט מען טאקע צוגעגרייט די חתונה מיט א גרויסע פאמפע, און אלע באמיטלטע פרויען האבן געטראגן פון אלע זייטן פאר רויזעלעס וועגן.

א פאר טעג פאר די חתונה איז רויזעלע ארומגעגאנגען פון שטוב צו שטוב און יעדן איינגעלאדן. „ביי מיר — האט רויזעלע געזאגט — וועט זיין א חתונה, וואס טורקא האט נאך נישט געזען זייט זי שטייט... די חופה וועט ביי מיר זיין אין מיטן רינעק; ביי מיר וועלן זיין זער א סך מחותנים, און יעדער וועט זען וואס פאר א שענע כלה איך וועל עס זיין!..." מענשן האבן

שוין געזארגט, אז דאס חופה קלייד זאל זיין באנייט און באפוצט מיט פאר־שידענע בלישטשנדע שטיינדעלעך און בלעכעלעך, און די חופה איז טאקע געפלאנט געווארן אין מיטן רינעק.

די חתונה האט זיך אנגעהויבן אין א זונטאג דריי אזייגער נאכמיטאג. צוויי יינגלעך — איינער פון זיי איז געוועזן אנשל רייס — זענען ארויף אויפן דאך פון ראטהויז, איינער פון איין זייט דאך און דער אנדערער פון דער צווייטער זייט — און פונקט דריי אזייגער האבן זיי אנגעהויבן בלאזן מיט טראמפעטן. זיי האבן דאמיט צו וויסן געגעבן די גאנצע שטאט, אז רויזעלעס חתונה הויבט זיך אן.

און אזוי ווי די שטאט האט דערהערט דאס בלאזן פון די טראמפעטן, האבן זיך אלע יידן, אויך ווייבער און קינדער, אלאז־געטון צו דער חתונה, צו רויזעלעס חתונה. יידישע הויזער זענען אויסגעליידיקט געווארן און פארשלאסן געווארן און אלעס איז ארויס צום רינעק און צום וועג נעבן משה שעכטערן ביז איבער די בריק, וועלכע האט געפירט צום געסל, ווו ס׳האבן געוווינט רויזעלע מיט איר ארעמע מאמע. דערווייל האט שוין געשפילט די גאנצע קאפעלע פון דער גרויסער פאמיליע אפערמאן, מיט אלע אירע העלפערס, פויקערס און פלייט שפילער. די מוזיקאנטן האבן זיך צוטיילט אויף צוויי גרופן: איין גרופע האט געשפילט אין געסל ביי דער בריק, ווו רויזעלע האט געוווינט און די צווייטע גרופע האט געשפילט אין רינעק גופא. אויך די טראמפייטערס אויפן ראטהויז האבן געבלאזן אן אויפהער. דערווייל זענען זיך צוזאמענגעלאפן הונדערטער קריסטן פון נעבן דער שטאט — זיי האבן געמיינט, אז די טורקער יידן זענען אראפ פון זינען...

---

ענדליך — מ׳גייט צו דער חופה. איין קאפעלע מוזיקאנטן באגלייט רויזעלען צו דער חופה און די אנדערע גייט אקעגן איר. אבער דא איז געשען א זאך: ס׳זענען זיך אנגעלאפן אזוי פיל מענשן, אז מ׳האט רויזעלען בשום אופן נישט געקאנט דורכפירן; דער וועג פון דער בריק ביז צו משה שעכטערס הויז איז געווען איין פעסטונג פון מענשן... מ׳שרייט און מ׳בעט זיך: „לאזט דורך די כלה מיט די מחותנים צו דער חופה" — אבער א נעכטי־קער טאג... מ׳קאן נישט דורכגיין: אלע ווילן זען רויזעלע די כלה, און ס׳איז געווען א געפאר, אז דאס יונגע פארפאלק זאל צוטרעטן ווערן...

צו יענער צייט זענען געווען אין טורקא אביסל יידישע מויערערס. געזונטע חברה־לייט מיט שטארקע מוסקולן דערזעענדיק דאס געפאר, האבן זיי

אנגעהויבן שטופן און מאכן ארדנונג. און מיט גרויס מי האבן זיי נאך צוויי שעה געקאנט ברענגען דאס פאר־פאלק צו דער חופה. נאך דער חופה האט זיך יעצט אנגעהויבן די אמתע שמחהביים עולם.



דערנאך איז געשען נאך א קוריאז: חברה לצים האבן צוגעגרייט אבא־זונדער ספעקטאקל: מען האט פארזארגט פאר חתן־כלה א שטיבל, זיי זאלן זיך קאנען מתייחד זיין נאך דער חופה. ווען דאס פארפאלק איז שוין געווען אינערוויינין האבן חברה עפעס א צר־געטון ביי א שטריקל — און ברעטער פון שטיבל האבן זיך צוריקט...

פרעגט־זשע גארנישט וואס האט זיך דארט געטון...

## ג. א סקאנדאל אין שניידער־שולעכל

אין יאר 1922, אין סוכות, איז געווען א גרויסער סקאנדאל אין טורקער שניידער־שולעכל: עפעס א יונגע שוואנגער פרוי, וועלכע האט געוואלט האבן א יונגל, האט אפגעביסן דעם פיטם פונם איינציקן אתרוג פון שולעכל — אזא אומגליק!

און געשען איז עס אזוי: דאס שניידער־שולעכל האט געקויפט אן אתרוג צום דאווענען און אויך צום בענטשן פאר זיינע חברים אין דערהיים. צו דעם צוועק, האט דער גבאי פון שולעכל, ר׳ אברהם, גענומען א מענטש — געווען איז דאס שלמה די גערעגערינס — ער זאל דאס ארומגיין יעדן פרי אין די הייזער, כדי די משפחות פון שניידער עולם זאל בענטשן אתרוג. און אזוי ווי דער גבאי איז געווען א גענוטער און פראקטישער מענטש האט ער אנגעזאגט שלמהן היזהר־והיזהר: „זאלסט נישט ארויסגעבן דעם אתרוג קיינעם פון דער האנד; ספעציעל שטארק פארזיכטיק זאלסטו זיין אין א שטוב, ווו ס׳געפינט זיך א יונג ווייבל — א זעלכע איז שטענדיק א בעלן צו בייסן דעם פיטם...״ האט אים שלמה געענטפערט: „האט נישט קיין מורא, ר׳ אברהם, און ציטערט נישט איבערן אתרוג; איר מעגט אייך פארלאזן אויף שלמהן...״

און טאקע. שלמה איז געווען א ייד, גענוג א הויכער מענטש, מיט א שענער בארד — און מ׳האט זיך געקאנט אויף אים פארלאזן...

שלמה איז אוועק און געדארפן צוריקקומען מיטן אתרוג פארן דאווענען און מ׳זעט אים נישט... ס׳ווערט שוין אכט, האלב־ניין — דער גבאי דארף גייען מיטן אתרוג אין שולעכל אריין און שלמה איז נישטא... גבאי הויבט שוין אן צו טראכטן, אז עפעס איז מיטן אתרוג געשען — און דא באקומט מען נישט אין שטאט קיין אתרוגים! באין ברירה גייט דער גבאי אין שולעכל אריין אן דעם אתרוג. גאנץ נאנט צום ארט, לויפן איז שוין אנטקעגן א פאר יידן און דערציילן, אז שלמה האט אריינגעברענגט דעם אתרוג אין שולעכל אריין אן דעם אתרוג. גאנץ נאנט צום ארט, לויפן אים שוין אנטקעגן א פאר אומגליק... האבן זיי אויפגעעפנט דאס פושקעלע און דערזען — דער פיטם איז אפגעביסן!

פרעגט שוין גארנישט דעם סוף. ווען עולם איז געוואר בעווארן פון גרויסן אומגליק, איז ער זיך צעלאפן אין די ארומיקע שולן אריין... מ׳קאן דאך נישט דאווענען אן קיין אתרוג! דער רב האט אפילו געפסקנט, אז ווען קהל האט נישט קיין אתרוג, דאוונט ער אן אן אתרוג — אבער ס׳האט נישט געהאלפן...

איז ס׳שולעכל געשטאנען א גאנצן יום־טוב ליידיק, און דער גבאי האט געמוזט אריינבעטן עטלעכע יונגלעך צום מנין! ער אליין האט זיך געשעמט צו זוכן א פרעמדע אכסניה צום דאווענען...

## ד. פייגע־מאליע די אנשפרעכערין

זער אן אינטערעסאנטע פרוי פונם אלטן דור איז עס געווען פייגע־מאליע די אנשפרעכערין. ווען עמיצער איז קראנק געווארן, א פרוי אדער א קינד, האט מען גערופן פייגע־מאליען. זי האט שוין אפגעלאשן קוילן — דאס איז געווען א מיטל קעגן א גוטאויג. אנדערע מעדיצינישע מיטלען אירע זענען געווען: אנגע־שפראכן פארשידענע מעטאלענע מטבעות און סתם דירעקטע אנשפרעכונגען די קראנקע, זיי זאלן געזונט ווערן. און טאמער האט זיך איינער דערשראקן פאר א קאזע אדער א הונט — האט זי שוין געמוזט זיך באנוצן מיט מער טעכנישע מיטלען: זי האט אפגעגאסן בליי, און דאס האט שוין געוויזן פאר וועמען דאס קינד האט זיך דערשראקן... און מיט אן אנשפרוך צו דעם אפגעגאסענעם בליי איז דאס קינד שוין געהאלפן געווארן; אלנפאלס, אזוי לפחות האט פייגע־מאליע צוגאזאגט...

אויסער דעם איז פייגע־מאליע געווען די אנפירערין פון די ווייבערישע חברה־קדישא, וועלכע האט געניייט תכריכים און געוואשן געשטארבענע פרויען. זי איז אויך געווען די אפיציעלע מחילה בעטערין ביי די געשטארבענע פרויען, ווייל אזוי ווי פייגע־מאליע האט געקאנט די מלאכה האט עס קיינער נישט געקאנט. זי האט דאצו געהאט עפעס א ספעציעלן שפרוך מיט א ספעציעלן ניגון; קיינער האט איר אפילו נישט געקאנט נאכמאכן. די אייגנארט פון איר מחילה בעטן האט נישט געהאט קיין גלייכן — אזוי מייסטערהאפט האט זי דאס געמאכט. אויסער דעם האט זי צו יעדן געשטארבענעם געהאט אן אנדער שפרוך.

זי האט אויך געוווסט גענוי ווו יעדער ליגט באגראבן אויפן בית־עולם. און ווען ס׳איז געקומען חודש אלול, ווען אלע ווייבער זענען געקומען אויף קבר־אבות — דאמאלס איז זי געווען דער מענטש, וועלכן קיינער קאן אים פארטרעטן... ווארום די ווייבער פון שטאט און פון די דערפער ארום האבן נישט נאר נישט געוווסט ווו זייערע מתים ליגן, נאר האבן אפילו מורא געהאט ארויפצוגייען אויפן בית־עולם... און פייגע־מאליע האט זיי אלעמען געראטעוועט...

און אז א פרוי איז צו איר צוגעקומען האט שוין פייגע־מאליע גערעט קורץ און כמעט אפיציעל: „ווער ביסטו, ווי אזוי הייסטו און פון וואנען ביזטו?״ — און ווי מען האט נאר אנגערופן דעם נאמען האט שוין פייגע־מאליע אלץ געוווסט. זי האט צוגעפירט די פרוי צום קבר פון איר מוטער אדער פאטער און געגעבן א געשריי: „לייג דיך, רחלע, אויפן קבר פון דיין הייליקע מאמע, די גרויסע צדקת גיטל בת יענטע, און בעט זי, אז זי זאל לויפן צום בעזן (= בית דין) של מעלה און בעטן פאר דיר און פאר דיין מאן און פאר דיינע קינדער, איר זאלט אלע זיין געזונט, און קיין שום קרענק זאל נישט איבערטרעטן די שוועל פון דיין הויז. דיין מאן זאל האבן פרנסה און אייך מפרנס זיין אין עושר און כבוד, און גאט זאל צושיקן דיין עלטערע טאכטער דעם רעכטן זיווג, דו זאלסט זי קאנען חתונה מאכן מיט אן ערלעכן און פרומען יונגערמאן, אזוי ווי ביי אלע גוטע יידן זאלסטו פון דיין טאכטער האבן נחת...״

און אז די ווייבער האבן דערהערט פייגע־מאליעס מענה־לשון, האבן זיי זיך געגעבן א צר־אויס אויפן קבר און געוויינט און געשריגן מיט אלע כוחות; טייל ווייבער זענען אזוי ווייט פארגאנגען אין וויינען, אז זיי האבן שוין נישט געוווסט ווו זיי זענען אויף דער וועלט...

אבער פייגע־מאליע האט געהאלטן חשבון... ווען זי האט געענדיקט מיטן ערשטן פארזאגעכץ האט זי אויסגעצויגן איר שטעקן און א קלאפ געגעבן אויף

דער מצבה און א געשריי געטון: „גיטל בת יענטע, דא ליגט אויף דיין קבר דיין פרומע טאכטער רחל. שטיי אויף און לויף צום בעזן (בית־דין) של מעלה און בעט און רייס איין וועלטן פאר דיין ערלעכע און פרומע טאכטער, זי זאל זיין געזונט מיט איר מאן און קינדער. זיי זאלן האבן פרנסה און אלדעס גוטס; קיין שום שלעכט אויג זאל זיי נישט שאדן, און לויף און בעט פאר דיין אייניקל, רחלס עלטסטע טאכטער, אז גאט זאל זי באשערן מיטן רעכטן זיווג. לויף בעט פאר אלע דיינע קינדער און פאר אלע יידן, זיי זאלן געהאלפן ווערן, אז אונזערע שונאים זאלן נישט דערפרייט ווערן, ביז משיח וועט קומען, אמן!"

און אז פייגע מאלע איז פערטיק געווארן מיטן דאזיקן צווייטן טייל, האט זי זיך אנגעשפארט אביסל אויפן שטעקן און א געשריי געטון צום דריטן מאל: „גענוג, רחל; דו האסט אלסדינג געפועלט ביי דיין הייליקע מאמען..." ס'וויבל איז שנעל אויפגעשטאנען פונם קבר, באצאלט פייגע־מאליען, איר לוין. פייגע־מאליע איז אוועק צו אן אנדער ווייבל, וועלכע האט שוין געווארט אויף איר ריי...



פייגע־מאליע האט שווער געארבעט איר גאנץ לעבן; זי האט קיינמאל נישט געהאט קיין צייט זיך אפצורוען. יעדע פרייע מינוט האט זי אין זינען געהאט צו באזארגן מיט עפעס אירע קראנקע און ארעמע ווייבער און קינדער. זי פלעגט ארומגייען אין די ארעמע הייזער און פרעגן און זעען, וואס עס טוט זיך ביי זיי אין הויז. ווען זי האט געטראפן די פרוי קראנק, פלעגט פייגע־מאלע זאגן: „שרה, ביזט שוין פריש קראנק... מלך רופא איז שוין געוועזן ביי דיר?" און אז די קראנקע האט געזאגט „ניין", איז שוין פייגע־מאליע אוועקגעלאפן צו מלך רופא, און ער איז מיט איר גלייך געגאנגען; פאר פייגע־מאליע האט ער געהאט גרויס דרך־ארץ. נאך אזא באזוך האט שוין פייגע־מאליע גענומען דאס טאשנטיכל אין דער האנט און שוין געזאמלט געלט פאר דער קראנקער.

אויסער אלעמען פלעגט זי יעדן מיטוואך און דאנערשטיק זאמלען געלט פאר ארעמע לייט אויף שבת. פרייטיק ווידער פלעגט זי ארומלויפן א גאנצן טאג מיט א זאק און זאמלען בילקעס, חלות און ליכט אויף שבת — אלץ פאר ארעמע יידן. זי האט קיינמאל נישט גערוט: טאג אויף טאג האט זי שוין געהאט עמעצן צו באזארגן.

און אז פייגע־מאליע אליין איז אוועק אויף יענער־וועלט, האט זי קיינער נישט געקאנט פארטרעטן; א צווייטע פייגע־מאליע איז שוין אין שטעטל נישט געווען... און ווייבער האבן איר געדענקט און געזיפצט, איבערהויפט די ווייבער פון די ארומיקע דערפער...

**מרים טאלער** (בת יוסף־מאיר באנק)
ניו־יארק

# ס'האט זיך יידן גאנץ גוט געלעבט ...

— א טורקער עפיזאד —



יידן האבן זיך געלעבט גאנץ גוט אין טורקא איבערהויפט אין אמאליקע צייטן זיי האבן זיך געפילט אין טורקא, ווי ביי־זיך אין דערהיים און נישט געפילט שטארק דעם גלות...

ס'ווערט דערציילט פון **שלמה ראזן**. ער האט געוווינט אויפן רינג־פלאץ. דאס איז געווען א געוויסן שבועות. ראזן האט זיך אויסגעפוצט יומטובדיק און איז ארויס אין גאס אריין. באגעגענט אים א באקאנטער קריסט, פאיאוויטש האט ער געהייסן, און זאגט צו אים אזוי:

„פאניע ראזן, ווען וועט דאס שוין זיין? — איך, פאיאוויטש, וועס זיין אין גלות און עסן קרעפלעך, און דו, פאניע ראזן, וועסט קלאפן שטיינער פארן שאסיי... נו, ווי געפעלט דיר דאס, פאניע ראזן?...”

טורקה - כפרים סביב לה

טורקא - דערפער ארום איר

אהרן שפר
חיפה

# יידן אין דערפער ארום טורקא



דער טורקער פאוויאט האט געהאט ארום זיך 91 דערפער, אין וועלכע ס'האבן געלעבט מער יידן ווי אין טורקא אליין. געלעבט האבן זיי פון פעלד ארבעט — ז'האבן גע־האט אייגענע פעלדער — און פון מסחר; יידן האבן אויך געארבעט אלס האלץ־אנגע־שטעלטע אין די ארומיקע וועלדער און טארטאקן.

דאס צוזאמען־לעבן מיט די גויים, וועל־כע זענען געווען אמייסטנס אוקראאינער און ווינציקער פאלאקן, איז געווען פארשידנאר־טיק אין יעדן דארף. אין אלגעמיין האבן יידן נישט געליטן דארט פון אנטיסעמיטיזם און געלעבט אין פריינדשאפט מיט די גויים; אין די דאזיקע דערפער, ווו דער גלח איז געווען א שונא־ישראל, איז שוין געווען אנדערש...

קומענדיק אין דארף אריין האט מען גלייך דערקאנט, וועלכע הייזער זענען יידישע; זיי זענען געווען גרעסער און באדעקט מיט שינדל אדער בלעך. די גוישע הייזער, דאקעגן, זענען געווען באדעקט מיט שטרוי און אונטער איין דאך האט דער גוי געלעבט מיט די קי און פערד... דער ייד, ווידער, האט שוין געהאט א באזונדערע שטאל פאר בהמות און פאר די סטאדאלע. אינעווייניק ביים ייד אין שטוב האט זיך שוין געפונען אביסל מעבל, שענע בעטן, א טיש מיט שטולען א. א. וו. אין קיך אן אויסגעבויטן אויוון פון ציגל מיט א קוימען ארויס אויפן דאך. אבער די גוישע הייזער זענען געווען זער ארעם. דאס בעט איז געווען צוזאמענגעקלאפט פון פראסטע ברעטער, א שווערער טיש מיט לאנגע בענק, און דער פריפעטשיק אין קיך איז געווען פון ציגל מיט א לאך אין סטעלע פארן רויך... זענען טאקע די ווענט געווען שטענדיק שווארץ פון רויך, און ווען מ'האט געהייצט דעם אויוון און דער רויך איז דורכגעגאנגען דעם שטרוינעם

דאך, האט זיך דאס גאנצע הייזל געראויכערט... ווינטער, אין די גרויסע פרעסט, פלעגט דער גוי אויך אריינעמען די קו אין שטוב אריין, ס׳זאל איר זיין ווארעמער. אפגערעט שוין ווען די קו האט זיך געקעלבט; דאן איז דאס קעלבל געהאלטן געווארן אין שטוב 8 טאג.



בדרך לרוזלוטש.
אויפן וועג קיין רוזלוטש.

אויך דאס עסן איז געווען פארשידן ביי די גויים און יידן. יידן האבן געבאקן ברויט יעדע וואך פון אייגענעם קארנמעל און אויף שבת אויך חלות פון ווייצנמעל; אמאל פלעגט מען קויפן ווייס מעל. די גויים, אבער, פלעגן זיך באגנוגענען מיט האבערנע פלעצלעך. די קארטאפל פלעגן זיין די הויפט־שפייז סיי ביי יידן און סיי ביי גויים.

דאס באקליידונג פון די יידן איז געווען פון שטאף; יינגע יידן האבן זיך אמאל דערלויבט צו מאכן אן אנצוג אפילו פון ריין ענגלישן שטאף. זומער אנגעטון שיך און ווינטער — שטיוול. די גויים, ווידער, זענען געגאנגען אין קליידער פון אייגענער אויסארבעטונג. מ׳האט געזייעט לען, פון דעם געמאכט פלאקס און קלאטשע, אליין געשפינט די פעדעם מיט א האנד־נול און אויס־

געארבעט לייוועגט. דעם לייוועגט האט מען אויסגעשפרייט אויף דער זון צום בלייכן און ווייסן — און נאכדעם געלאזט זיך אויפנייען הויזן און העמדער פון אים. ווען שיך האט דער גוי נישט געהאט קיין סך דאגות — זומער איז ער געגאנגען בארוועס און ווינטער האט ער זיך אויפגעבייט אפאר כאדאקעס פון א שטיקל לעדער און מ׳האט געטשאפעט. פון א שאף־פעלעכל האט ער זיך געמאכט א קאזשוך און אויך א קוטשמע אויפן קאפ. יא, דער ייד אין דארף האט געלעבט אן העכערן לעבנס־שטייגער ווי דער גוי; זיינע באדערפנישן זענען געווען גרעסערע.

אין יעדן דארף איז געווען א פאלקס־שולע פון 4 ביז 7 קלאסן. אלע קינדער פונם דארף זענען געגאנגען אין דער דאזיקער שולע און געלערנט שרייבן און לעזן פויליש און אוקראיניש; דער עלטערער דור ביי די גויים האט כמעט נישט געקאנט לעזן. די יידישע קינדער זענען נאכמיטאג געגאנגען אין חדר אריין און אין ווינטער ביז שפעט אין דער נאכט. דער מלמד איז געקומען פון שטאט אדער גאר פון ווייטנס, אנגעדינגען זיך אויף א זמן אדער אויף א גאנץ יאר. די קינדער האבן געלערנט חומש מיט רש״י, און די עלטערע יינגלעך — א שטיקל גמרא מיט תוספות. שבת איז געווען א מנהג צו פארהערן די חדר־יינגלעך דעם חומש און רש״י.

שבת אין דער פרי זענען זיך אלע צוזאמענגעקומען אין שטיבל צום דאווענען; עס האט קיינער נישט געפעלט. און ווען עמעצער איז נישט געקומען, האט מען שוין געוווסט, אז ער איז קראנק — איז מען שוין געגאנגען צו אים אויף ביקור־חולים.ביים דאווענען האט מען אויך ארומגערעדט וועגן אלע געשעענישן פון א גאנצע וואך; דא האט מען אויך געהערט די רכילות פון א גאנצע וואך און דא האבן יידן סתם זיך געלאזט פארגעסן פון די צרות און דאגות פון א גאנצע וואך. מ׳איז געקומען אויסגעקליידט אין די שענסטע מלבושים, די עלטערע אין א זיידענע באקעשע, א שטריימל אויפן קאפ. יינגווארג, ווידער, אין שווארצע אדער גראנאטענע אנצוגן.

וועטער איז קיינמאל נישט געווען קיין אפהאלט פון קומען דאווענען; ס׳האט געמעגט שנייען און רעגענען — אלע זענען געקומען. און ווען ס׳איז געווען עפעס א שמחה אין דארף, א חתונה אדער א ברית, זענען אויך געקומען יידן פון ארומיקע דערפער מיט פערד־און־וועגן און שליטנס — און מ׳האט געטאנצט און געהולעט ביז אין טאג אריין...

חיים פעלער

# יידן אין דארף

די יידן אין די דערפער ארום טורקא איז נישט געגאנגען בעסער ווי אין שטאט. ס׳זענען טאקע געווען א סך יידישע גוטבאזיצער, וועלכע האבן זיך גערעכנט פאר רייכע יידן, אבער אין דער אמת זענען זיי נישט אזוי געווען ווי מ׳האט זיי אנגענומען: די ערד אין די קארפאטן איז געווען שטארק שלעכט און זי האט נישט געגעבן קיין גרויסע פראפיטן. אין א סך דערפער האבן די יידישע גוטבאזיצער פארקויפט שטיקלעך ערד די פויערן — און דאפון האבן זיי געלעבט... די אנדערע האבן געלעבט נאר פונם גלאנץ פון גוטבאזיצער און געווען פארשולדיקט ביז איבערן קאפ...

די יידן אין די דערפער, וועלכע האבן אויך געהאט געשעפטן, האבן שוין נישט שלעכט געלעבט: די געשעפטן און די שטיקלעך ערד, וואס זיי האבן באארבעט, האבן שוין געגעבן גאנץ שען פרנסה. אויך לאנדווירטן, וועלכע האבן קליין צוגעהאנדלט — א קו, א קעלבל — האבן אויך געהאט פרנסה.

אבער א גרויסער טייל פון די דארפסיידן זענען געווען קליינע לאנד באזיצער און געלעבט נאר פון זייער ערד ארבעט. די יידישע לאנדווירטן פון די דערפער ארום טורקא, ווי אילניק, לאסינעץ, מעלניצנע, פרעסליפ, שימנאץ, יאבלאנקי און אנדערע האבן געקאנט טראגן און פארקויפן יעדן טאג מילך און מילכיגס אין טורקא — און דאס האט זיי צוגעגעבן א מעגלעכקייט צו פרנסה. דאקעגן אין די ווייטערע דערפער פון שטאט האבן שוין יידישע לאנדווירטן פונם זעלבן באדן באזיץ און שטייגער געלעבט פיל ערגער; זיי האבן שוין נישט געהאט וועמען צו פארקויפן זייער מילך.

ס׳האבן אויך געוווינט אין די דערפער יידן, וועלכע האבן אין גאנצן נישט געהאט קיין באדן; זיי האבן זיך טאקע געמוטשעט זייער גאנץ לעבן. זייער ארימקייט איז געווען גרויס. די קינדער זייערע, אין די פריסטע יוגנט, האבן זיי געשיקט אויף דער וועלט ארבעטן — דינסטן אין טורקא און אין אנדערע שטעט.

יא, אסך יידן האבן געוווינט אין די דערפער ארום טורקא. דער לעבנס־שטייגער איז געווען נידריק — אבער ס׳איז עפעס געווען שטארק באזונדערעס: יידן, אסך יידן, לעבן פון לאנדווירטשאפט!

**מיכאל הייזלער**
שדה יצחק

# יידישע לאנדווירטשאפט ארום טורקה

## אין א ווינקל פון די קארפאטן



**וואס האט עס גורם געווען, אז יידן זאלן זיך באזעצן אין אט דעם ארעמען ווינקל פון די קארפאטן, וואס איז געווען אפגעריסן פון א גרעסערן יידישן יישוב? צוויטנס, אין וועלכער תקופה איז פארגעקומען די איינוואנדערונג? דריטנס, ווער זענען עס געווען די ערשטע דרייסטע יידישע פיאנערן, וואס האבן אין דעם דאזיקן טייל פון די קארפאטן אנטוויקלט אזא גרויסן יידישן ישוב? —**

**פארשטייט זיך, אז אויף די אלע פראגן איז שווער צו געפונען אן ענטפער. ס'זענען נישט איבערגעגעבן געווארן פון דור צו דור קיין שום פרטים וועגן דעם, און מיר מוזן זיך באגנוגענען מיט א מינימאלן ענטפער — דער וואנדער־שטעקן פונם גלות האט זיי אהין ארייגעפירט. אבער איין זאך איז קלאר: די ערשטע יידישע פיאנערן, וועלכע זענען אהין אריינגעדרינגען, האבן מיט זיך מיטגענומען א גרויסן באגאזש פון יידישער קולטור פון יענע צייט, מיט יידישע נאציאנאלע טראדיציעס, און א שטארקן גלויבן אין בורא־העולם און אין גאולת־ישראל. האבן זיי טאקע געבויט זייער עקזיסטענץ אויסשליסלעך ווי אין פסוק שטייט: על התורה ועל העבודה.**

**די באציונג צווישן יידן און זייערע שכנים נישט־יידן זענען געווען גוטע. אנטיסעמיטיזם איז נאך געווען פרעמד אין יענער צייט ביי דער דארטיקער באפעלקערונג, אוןביידע צדדים האבן זיך באשאנקען מיט קעגנזייטיקן צוטרוי און געניסנדיק פון אט דעם צוטרוי און רעכט האבן יידן געלעבט ווי „ביי זיך אין דער היים" אן פחד פאר עפעס אן אויפשטאנד קעגן זיי.**

## יידישע לאנדווירטשאפט

הויפט־פרנסה איז געווען לאנדווירטשאפט און זענען מיט גארנישט אפגעשטאנען פון זייערע שכנים גוים. אמת, די קארפאטישע לאנדשאפט איז זער א שענע, הויכע בערג און טאלן, געזונטע און פרישע לופט אבער דער באדן איז א מאגערער, נישט קיין פרוכטבארער און שטארק א בערגיקער. נאר געווען איז דער באדן אן אייגענער, אפגעקויפט פונם פריץ, און איז איבער־געגאנגען בירושה פון פאטער צו קינדער.

און טראץ די ספעציפיש שווערע קארפאטישע באדינגונגען,און טראץ דער מינדערהייט צווישן דער ארטיקער באפעלקערונג, האבן יידן באוויזן איינצו־האלטן זייער נאציאנאלן אפשטאם, קולטור, טראדיציע און שפראך. דאצו האבן זיי באקומען מאראלישע און גייסטיקע הילף פון זייערע ברידער יידן פונם שטעטל טורקא, מיט וועלכן זיי זענען געווען ענג פארבונדן. זענען טאקע נישט פארגעקומען קיין פאלן פון שמד אדער געמישטע חתונות. יידן פלעגן זיך משדך זיין מיט יידן פון שכנותדיקע אדער ווייטערע דערפער, אויך פון שטעטל טורקא — אזוי ארום האט די גאנצע יידישע געגענט, צוזאמען מיטן שטעטל, געבילדעט איין גרויסע משפחה, געקניפט און געבונדען מיט א בשותפותדיקן קהילה־ראט, א באשותפותדיקן רב, א באַ־שותפותדיקע חברה־קדישא און אויך א באשותפותדיקער בית־עולם...

## שטאט און דארף

כדי אפצוהיטן יידישקייט און יידישע טראדיציעס האט די שטאט־שטעטל פארזארגט די דארפס־לייט מיט ספרי־תורהס, תפילין, טליתים, ציצית, מזוזות און מיט א גרויסע אויסשטאטונג פון פארשידענע ספרי קודש צו לערנען תורה. די שטאט האט אויך פארזארגט פסחדיק מעל אויף מצות און פאר ארעמע לייט געטיילט מעות־חיטין; אריינגעבראכט אתרוגים מיט לולבן.

די שטאט האט אויך נישט פארגעסן אריינצושיקן אביסל לעבעדיקע סחורה, ווי מלמדים, וואס פלעגן לערנען מיט קינדער, דיינים, בדחנים, שדכנים און כליזמרים אויף חתונות שפילן — און מ'פלעגט טאקע אין דארף פראווען חתונות מיטן גאנצן יידישן טראסק, ,כדת משה וישראל. אפילו קעכינס צו קאכן

אויף חתונות זענען אויך געווען שטעטישע. חתונה־קליידער, אויסשטייער, קדושין־רינגלעך — דאס אלץ האט מען נאר געקאנט באקומען אין שטאט.

און טראץ דעם וואס די שטאט איז געווען גרויס ווי א גענעץ, האט זי פון אלעמען געהאט בשפע: רעכטע און לינקע, ציוניסטן און מארקסיסטן; שניידערס, שוסטערס שלאסערס, סטאלארעס און אנדערע; האלץ סוחרים, אקסן סוחרים, קרעמערס און סתם ארבעטער און ליידיקגייער. ס'זענען אויך געווען יידן אין שטאט, וואס האבן יומם־ולילה געלערנט תורה, און דאס בית־המדרש איז געווען אפן פאר יעדן איינעם.

אדאנק דער גרויסער פראווינץ, מיט אזוי פיל דערפער ארום, האט די שטאט געקאנט עקזיסטירן. די גאנצע פראדוקציע פון דארף, וואס פויערים האבן באדארפט פארקויפן איז געברענגט געווארן אין שטאט אריין; די פויערים האבן דאביי געמאכט פארשידענע איינקויפן פאר אייגענע און ווירטשאפטלעכע צוועקן. דער טאג־טעגליכער גערויש פון פויערישע פורמאנקעס, דאס רויען פון מענטשן, דאס קויפן און פארקויפן — האט געמאכט אן איינדרוק פון א גרויסן באזאר. „סקאכט אין שטעטל ווי אין א קעסל" — פלעגט מען זאגן. אמת, פאר די גוישע חגאס, אדער יידישע ימים־טובים, להבדיל, פלעגט עס טאקע קאכן אין שטעטל ווי אין א קעסל. די קרעמערס פלעגן גוט לייזן און ס'האט זיך געטון אויף טיש און אויף בענק...

## דארפס־לייט אויף קבר־אבות

באזונדערס האט זיך גערודערט אין שטעטל אין די סליחות טעג — ווען די דארפישע יידן פלעגן קומען אין שטאט אריין אויף קבר־אבות. אויך שטעטישע יידן זענען געגאנגען אויף קבר־אבות, נאר זיי האבן נישט געווארט פונקט אויף די סליחות טעג; ביי זיי איז דאך דער בית־עולם געווען א גאנץ יאר. ער איז געלעגן צוקאפנס דעם שטעטל, בארג־ארויף, און אזוי נאנט, אז פון דער מיט שטאט האט מען געקאנט איבערליינען די אויפשריפטן אויף די ווייסע מצבות, וועלכע פלעגן אראפקוקן אונטן...

אנדערש איז אבער געווען די זאך ביי דארפס־לייט. אין שטאט אריין איז געווען ווייט. דער וועג איז געווען א שלעכטער, בערג און בלאטעס. און מ'האט זיך טאקע נישט געקאנט דערלויבן שטענדיק אויף אזא שווערע נסיעה, איבערהויפט מיט אלטע לייט, וועלכע האבן געהאט דעם פארצוג דאצו. האט

מען געוואַרט אַ גאַנץ יאָר אויף די סליחות טעג און עולה־רגל געווען אויף קבר אבות און איינוועגס איינגעקויפט עפּעס אויף די ימים־טובים.

דער וועג פון שטאָט צום בית־עולם פוןביידע זייטן, איז געווען באַזעצט מיט אָרעמע לייט, וועלכע האָבן געבעטן נדבות ביי די באַזוכער פון בית־עולם. באַלד ביים אַריינקומען האָט זיי אָפּגעוואַרט איציק אהרן שמש, וואָס דער גאַנצער בית־עולם איז געווען ווי זיינס אַן אייגענער מאַגאַזין, און ער אַליין דער מאַגאַזינער; אַן אים האָט קיינער נישט געוווּסט, ווו דער טויטער ליגט... ער פלעגט עס יעדן צופירן צו געזוכטן קבר, מאַכן אַן „אל מלא רחמים" און דערמאָנען ווען די יאָרצייט איז, אויב עמיצער האָט נישט געוווּסט גענוי. די קולות און יללות האָבן זיך געטראָגן ביזן זיבעטן הימל אַריין. אַ קליינינקייט, אַזוי ווייט געפאָרן, באַלאָדן מיט אַזוי פיל בקשות, ווי געזונט, פרנסה און אַ רפואה שלמה; איינער, ווידער, האָט אַ מיידל חתונה צומאַכן; דאָרט ווייטער שטייט אַ פרוי און פאַרגיסט טייכן טרערן — זי קאָן, נעבעך, נישט האָבן קיין קינדער; יעדער מיט זיין בינטל צרות — איז ווו דען קאָן מען זיך אַביסל אויסשרייען און אויסוויינען אויב נישט דאָ, אויפן בית־עולם?

## יידיש לעבן

דאָס דאָרפישע לעבן איז געווען אַסך שטילער רואיקער ווי אין שטאָט; די דאגות פרנסה איז אויך נישט געווען אַזוי גרויס ווי אין שטאָט. ביים דאָרפסייד, אויב ס'האָבן זיך נאָר געפונען אין שטאַל אַ צוויי־דריי קועלעך, אַביסל היימישע תבואה, אַביסל קאַרטאָפל און נאָך אַזעלכע היימישע פּראָדוקטן, איז די זאָרג ביי אים שוין נישט געווען גרויס. דאַצו פלעגט נאָך זיין יעדע וואָך אַ יריד אין דער געגנט; ס'פלעגן קומען פאַרשידענע סוחרים פון שטאָט — האָט מען אויך געקאָנט כאַפּן אַ פּאָר גראָשן פאַר מעקלעריי, אָדער סתּם עפּעס קויפן און פאַרקויפן. אַן אַנדערער, ווידער, האָט געהאַט, אַחוץ זיין ווירטשאַפט, עפּעס אַ געוועלבל, אַ קרעטשמעלע. און אַלע האָבן געפירט אַ באַשיידן לעבן. אויף אַלעמענס פּנימער האָט זיך געמאָלן אַ שמח־בחלקו חן און יעדער כמעט איז געווען צופרידן פון זיין אַרט לעבן.

שוין באַלד ביים אַריינקומען אין דאָרף אַריין האָט מען דערקאָנט ווו ס'וווינט אַ ייד און ווו נישט. די יידישע הייזער זענען געווען געבויט אַנדערש ווי די גוישע כאַטעס: פונדרויסן ווייס געקאַלעכט און ציכטיק־ריין אויפן הויף; דאָס האָט אָפּגעשפּיגלט דעם אמתן יידישן חן. אויף יעדער טיר אַ מזוזה.

אינוועניק — באשיידן מעבל, א גרויסע שאנק מיט ספרים, א מזרח־בילד מיט משה רבנו, ווי ער האלט די לוחות, אדער אברהם אבינו, ווי ער פירט יצחקן צו דער עקדה; א וואנד־זייגער און נאך אנדערע יידישע חפצים. ווער שמועסט פרייטיק־צו־נאכטס — די מנורה מיט די שבת־קודש ליכט... און טאקע שבת אליין, טעם גן־עדן... אפילו דער ארעמסטער ייד אין דארף האט געשפירט אביסל פונם דאזיקן טעם.

דער שבת קודש איז געווען שטארק אפגעהיטן אין דארף; אפילו א שטרוי האט מען נישט איבערגעריסן אין שבת. די ימים נוראים און אנדער ימים טובים האבן ארייננעבערענגט דעם אמתן געפיל פון „אתה בחרתנו". ווער געדענקט נישט שמחת תורה אין דארף, דאס פרייען זיך מיט דער תורה, דאס קושן זי — ס'האט קיין גרעניץ נישט געהאט. איבערהויפט זענען אפגעהיטן געווארן אלע יידישע מנהגים. למשל, חנוכה מיט די לאטקעס און דריידלעך, פורים מיט די פארשטעלטע — איי, וואס עס האט זיך אלץ אפגעטון! און, ווידער, תשעה־באב, צו די גוילמס קעפ, האט מען שוין אנגעזען דעם חורבן אין אלע ווינקעלעך. די שטוב נישט געקערט, דאס הויזגעזינדל טרויעריק און בלאס פון פאסטן — בקיצור, אן אמתער חורבן!

## א יידישע חתונה אין דארף

א יידישע חתונה אין דארף, דאס איז געווען נישט אזוי פשוט... עס איז עפעס געווען א מאדנע אפצולייגן די חתונה. צווישן די מחותנים פלעגן פארקומען פארשידענע קאמפליקאציעס וועגן סילוקן דעם נדן, אדער דער ייחוס האט עפעס נישט געשטימט צווישן זיי — האט מען טאקע באלד אפגעלייגט די חתונה אויף א צווייט מאל. ס'פלעגט אויך טרעפן, אז צווישן חתן־כלה איז אמאל פארגעקומען עפעס א מיספארשטענדניש — איז דאס ערשטע געווען אפצולייגן די חתונה און אפילו אפלאזן דעם שידוך. ביי יעדע קלייניקייט איז די חתונה געווען דאס כפרה־הינדל... פארשטייט זיך, אז אין יענע צייטן זענען פארגעקומען התונות פון געדעדטע שידוכים און חתן כלה האבן זיך כמעט רעכט נישט געקענט... דאס אלץ האט געברענגט צו שווערע מי און מאטערניש ביז מ'האט שוין געזען דאס יינגע פארל אונטער די חופה דראנגען. גאנצע חדשים פלעגט מען זיך פיבערהאפט גרייטן אויף דער חתונה — און נישט נאר חתן־כלה, נאר דער גאנצער טורקער באצירק... דאס איז געווען שוין טאקע דערפאר, ווייל דער גאנצער געגנט איז געווען געקניפט און געבונדן: אויב

נישט פון חתנס צד, איז פון כלהס צד; עפעס אן האטשיקל האט געמוזט זיין. איז ווי פארט מען נישט אויף אזא חתונה?!

די חתונה גופא פלעגט פארקומען זער שען, און ספעציעל אין ווינטער צייט. אין טאג פון די חתונה, שוין באלד נאכמיטאג, האבן זיך די געסט אנגעהויבן צוזאמענפארן. געקומען איז מען מיט שליטנס, קיין אדערע קאמוניקאציע איז נישט געווען. די פערדלעך שען אויסגעפוצט מיט רויטע,ווייסע און בלויע סטענגלעך, מיט רוישנדע גלעקער, באגלייט מיט געזאנג פון חסידישע ניגונים.

א ספעציעלן חתונה מנהג איז איינגעפירט געווען אין דארף: אזוי ווי די חתונה פלעגט תמיד פארקומען ביי דער כלהס עלטערן, אינעם זעלבן דארף ווו זיי האבן געוווינט, פלעגט די כלה שיקן א „ספעציעלע דעלעגאציע" פון יינגע בחורים אנטקעגן צו פארן דעם חתן, וועלעכר דארף אנקומען פון א צווייטן דארף. די אויפגאבע פון דער דאזיקער דעלעגאציע איז געווען איבערצונעמען און צוברענגען דעם חתן אויף דער חתונה פאר יעדן פרייז. צו דעם צוועק האט די דעלעגאציע מיטגענומען לעקעך און בראנפן מיט א געבראטענעם אינדיק, אויסצוקויפן דעם חתן... דער חתן, דומה למלך, איז אויך נישט געפארן אליין. אים האט אויך באגלייט א חברה שומרי ראש פון יינגע יאטן, וועלכע האבן אויך אליין געוואלט ברענגן דעם חתן אויף דער חתונה, און אזוי ארום האט זיך אנגעהויבן א שווערער קאמף, אויף טויט און לעבן, צווישן ביידע דעלעגאציעס... מ'האט זיך, חלילה,נישט געשלאגן ווי ביי די גוים, נאר מ'האט זיך סתם אביסל געריסן איבערן חתן געשלעפט אים אהין און אהער, געקאלערט זיך אין שניי, איבערגעקערט די שליטנס און נאך אנדערע שטיפערייען. דער סוף איז געווען, אז ביידע צדדים זענען געקומען צו אן הסכם און אין מיטן פארן גענומען טרונקען לחיים און פארבייסן א שטיק אינדיק — און מיט געזאנג געברענגט דעם חתן צו דער חתונה.

מאיר הירש
לאנדאן

# יידיש לעבן אין דארף וויסאצקא וויזשנע

דאס דארף וויסאצקא וויזשנע איז געלעגן 30 ק״מ פון טורקא און צו קומען צו אים האט מען געדארפן פארן דורך די דערפער מעלניצע, באָרינע, וויסאצק ניזשנע און קאסארינג. און די אלע אויסגערעכנטע דערפער זענען געווען יידישע ישובים, קלענערע און גרעסערע. אבער ווי באלד מ׳איז אריינ־געפארן אין וויסאצק האט מען באלד געזעהן א גרעסער יידיש לעבן. כמעט דאס ערשטע הויז איז שוין געווען א יידישעס, מיט א מזוזה אויף די טיר; מ׳האט זיך נישט געשעמט.

## א יידיש דארף

יא, דאס דארף האט געשפרודלט מיט יידיש לעבן. ס׳איז געווען זער גרויס, 10 קילאמעטער אין דער לענג. און אזוי ווי דאס ערשטע הויז איז געווען מיט א מזוזה אזוי אויך דאס לעצטע הויז. און צווישן די צוויי הייזער מיט א דיסטאנץ פון 9 קילאמעטער האט געלעבט א יידישער יישוב און ס׳האט געקאכט מיט יידיש לעבן. אמת, קיין רב איז אין דארף נישט געווען, נאר די אנדער יידיש־נויטווענדיקייט, ווי א מקווה, א שוחט זענען שוין יא געווען.

דער שוחט דוד הערש איז געווען א ייד א תלמיד חכם, א בעל־צדקה מיט א גרויסע משפחה קינדער. א באיאנער חסיד. ער האט אויך געפסקנט שאלות. ער איז געווען שוחט אויך אין א סך אנדערע דערפער, א גאנצע וואך פלעגט ער פארן שעכטן, ווייל ווי ארעם די געבערגס־יידן האבן געלעבט — פלייש אויף שבת האט געמוזט זיין אין יעדער שטוב; און טאמער האט טאקע אין שטוב געפעלט — פלעגט מען שוין זען, אז ס׳זאל זיין...

אנדערע תלמידי חכמים אין דארף זענען געווען דוד פרענקל און דוד קרויז; זיי זענען געווען די הויפט־קענער פונם דארף. דוד קרויז איז אויך געווען דער מלמד פון דארף א סך יארן. דאס דארף האט געהאט איבער 50 יידישע פאמיליעס, וועלכע איך וועל נאך אויסרעכנען. שבת האט מען געדאוונט אויף פינף פלעצער אין פריוואטע הייזער; קיין שול איז נישט געווען. די

מניינים זענען געווען ביי יוסף בארט, יוסף הירט, ישראל הירט, שלמה קרויז און יואלטשע גאלדרייך.

דאס רוב יידן האבן געוווינט אין צענטער פונם דארף. אין מיטן דער וואך האט מען געהאט א מניין נאר ווען עס איז געווען א יארצייט, א קדיש אויך צומאל ווען א רבי פלעגט באזוכן דאס דארף. דאס לעצטע פלעגט זיין א גאנץ אפטע ערשיינונג, בעיקר אין זומער צייט. די רבי׳ס פלעגן קומען צוליב פרישע לופט און דאביי ארייננעבן די דארפיש־יידישע באפעלקערונג א ביסל יידישקייט...

## ארגאניזאציעס און חסידות

דאס דארף האט געהאט ציוניסטישע ארגאניזאציעס: ציונים כלליים „אחוה" און דער „החלוץ".ביידע האבן מלחמה געהאלטן צווישן זיך, אבער דאס איז געווען מער פערזענלעך ווי לשם שמים... די יוגנט פונם דארף האט זיך אויך פאראינטערעסירט מיט ליטעראטור. „אחוה" האט געהאט א שענע און גוט־איינגעארדנטע ביבליאטעק. ס׳זענען געווען ביכער פון שלום־עליכם, פרץ, מענדעלע מוכר־ספרים ווי אויך קארל מארקס, נארדוי און אנדערע. מען פלעגט אויך אבאנירן דעם „בדרך", וועמענס הויפט־לעזער זענען געווען זיאל רוזנברג, לייזער זינגער, מענדל ווייס און מיין ברודער זעליג הירט; אלע זענען שוין אויפן עולם האמת.

די מערהייט יידן זענען געווען חסידים, אמיינסטנס ביאנער. נישט אלע האבן ליב געהאט די ארבייט פון די ציוניסטישע גרופן, אבער דערהויפט איז, אז מ׳איז דורכגעקומען און מ׳האט געלעבט בשלום...

יידן האבן געמאכט א לעבן. מ׳האט געהאנדלט און געוואנדלט. ס׳זענען אויך געווען יידישע לאנדווירטן, שוסטערס, שניידערס, שניט־קרעמערס און סוחרים פון בהמות און האלץ. מארק־טעג פלעגן פארקומען יעדן צווייטן דינסטיק און יידן האבן געצויגן חיונה. אין די מארקטעג פלעגן קומען יידן אויך פון טורקא און פון די ארומיקע דערפער — און דאס פלעגט אריינברענגען אביסל שפע די יידישע איינוווינער.

דאס רוב יידן זענען נישט געווען קיין נגידים; מ׳האט שווער געארבעט אויף א לעבן. עס זענען טאקע אויך געווען א פאר משפחות, וועלכע האבן זיך

גערעכנט פאר עשירים, ווי שלמה קרויז, אביש ראזנבערג, אנשל לעוו, יוסף הירש און יוסף בארט.

יוסף בארט אליין איז געווען א חסידישער ייד, און אין די יונגע יארן האט ער זיך גערעכנט פאר א פארטגעשריטענעם ייד, מיט אן השכלה׳ישע השקפה. ער האט ליב געהאט צו לעזען א יידישע צייטונג, אמאל אויך א העברעאישע. דאס הויז איז ביי אים געווען ווי ביי אברהם אבינו. וויפיל יידן זאלן עס נישט קומען צו א מארק־טאג: אדער סתם אין א טאג פון א גאנץ יאר — האט ער דארט געטראפן א פלאץ צום שלאפן, עסן און טרינקען, און אויב עמיצער האט געדארפן א גמילות־חסד האט מען עס געטראפן ביי יוסף בארט אדער ביי זיינע צוויי זין, יוסי און יואל. ביי יעדער געלעגנהייט האבן זיי אלע דריי געזוכט מעגלעכקייטן צו טון טובות יידן, אויפנעמען אויפן וואגן און געבן צדקה.

אויך חיים גאלדרייך און משה בראנשטיין האבן ליב געהאט צו געבן א גמילות־חסד. דאס הויז פון שלמה קרויז האט זיך כמעט געענדיקט מיט א גרויסע טראגעדיע נאך עטלעכע חדשים פאר דער מלחמה. דאס דארף וויסאצק איז אויך געווען דאס וויגעלע פון דער גוט באקאנטער און פארצווייגטער משפחה גאלדרייך. די קינדער זענען געווען פיין ערצויגן, יידיש מיט אינטעלי־גענץ. דער שרייבער פון די שורות איז אליין געווען אן אפטער איינגייער ביי דער משפחה.



ווי כ׳האב שוין דערמאנט, די צווייטע ציוניסטישע ארגאניזאציע, וועלכע האט אויך געהאט א קרן־קימת קאמיסיע, האט אויך אנגעפירט מיט ציוניסטישע טעטיגקייט: פארשפרייטן שקלים, אויסליידיקן קרן־קימת פושקעס. די ארבעט פלעגט א סך מאל זיין פאראייניקט מיט נאך אנדערע דערפער און יישובים ארום.

מיט דער הילף פון זיאל רוזענבערג פון ליבאכא האט מען פון צייט־צו־צייט אויפגעפירט דורך אמאטארן יידישע פיעסען; די איינקונפט איז געגאנגען פארן קרן־קימת. די יוגנט פלעגט זיך זער אפט צוזאמענקומען אויף פארלעזונגען און שיחות, מייסטנס אין פריוואטע הייזער (לעצטנס האט מען אויך געדונגען א לאקאל). דאצו האבן די ציונים כלליים געהאט די משפחה זינגער פאר מיט־גלידער. דאס זענען געווען „הערצל־זינגער". די משפחה איז באשטאנען פון 3 זין: יוסף, לייזער און שמואל (יוסף איז אין אמעריקע) און 2 טעכטער —

אלע האבן זיי געשפילט פידל. פארשטייט זיך, אז מ׳האט געמאכט אפטע אוונטן צום טאנצן און די „ברידער" פלעגן אפט שפילן, כדי דער עולם זאל זיך אונטערהאלטן. די הכנסה פלעגט גייען פארן קרן־קימת.

די אקטיווע חברים פון סניף „אחוה" זענען געווען: מיין ברודער זעליג און מיין שוועסטער דבורה הירט, זיאל ראזנבערג פון ליבאכאר, לייזער און שמואל זינגער, די 2 שוועסטער פעסל און ראזע גאלדרייך, ישראל טייכמאן און אביש ראזנבערג. דער שרייבער פון די שורות האט זיך באטייליגט אלס גזבר פון קרן־קימת.

כאטש דאס דארף איז געווען גרויס האבן אלע יידן געלעבט צווישן זיך ווי א גרויסע משפחה. זיי זענען אויך אין דערווירקלעכקייט געווען פארוואנדט איינער מיט אנדערן. די פארוואנדשאפט ווייט איבערגעשטיגן איינציקע דערפער און ארומגענומען פיל פון זיי.



איך מוז זאגן אז מיין מאמע הייד (איטע הירט) — ביי איר איז געווען דאס וויגעלע פון ציוניזם, כאטש מיין פאטער, אביש הירט, איז געווען א חסידישער ייד. ווען רביים פלעגן קומען און דארף אריין אויף שבת זענען זיי זער אָפט איינגעשטאנען ביי אונז אין הויז. מען פלעגט דאן ברענגען א ספר־תורה און מען האט געפראוועט שבתים מיט רבישע טישן, און יידן פונם גאנצן געבערג פלעגן זיך צוזאמנקומען. מען האט געגעסן ווו מ׳האט געקאנט, מ׳איז געשלאפן און די סטאדאלעס. ריכטיג, די געבערגס־יידן האבן ליב געהאט א רבין. און ס׳איז ביי אזא ייד נישט געווען קיין שום שווערע זאך, אבי ער זאל פארברענגען א שבת מיט א רבין.

פון די אנדער זייט, ווי שוין געזאגט, איז מיין מאמע געווען א צענטראלע פיגור פאר ציוניזם, און מיין ברודער משה (איך בין נאך דאן געווען א קליין יינגל) פלעגט צוזאמענעמען די יוגנט און פארליינען פאר זיי ציוניסטישע מאטעריאלן אין ליטעראטור. פון אלע דערפער ארום האט מען שוין געוווסט צו קומען צו אונז. מ׳האט שוין באקומען ביי אונז א געלעגער צום שלאפן, ווי ווייט ענג זאל נישט זיין פון די פול אורחים. פאר א נויט פלעגט מען אנשיטן אין שטוב שטרוי, אויסשפרייטן ליילעכער און עולם איז געשלאפן.

אזוי האבן געלעבט, פארבראכט און טעטיג געווען יידישע מענטשן אינם דארף וויסאצק ווייזשנע צווישן אסך דערפער, האט ביי די קארפאטן־געבערג. היינט איז פון דעם אלעם גארנישט געבליבן.

מאיר גאטעסמאן
כפר נטר

# אילניק - דארף פון מיין קינדהייט

צום אנדענק פון
מיינע טייערע עלטערן
חיה און משה.



אין דער לענג פון דארף אילניק, צוויי מייל פון טורקא נעבן סטרי, שטראמט א טייך מיט לויפנדיק וואסער — ריקע. אין ביידע זייטן פון דארף בעארבעטע פעלדער. אין איין זייט א וועג, וואס פארבינט דאס דארף מיט טורקא; די צוויי׳טע זייט איז פארבונדן מיט נאך אסך אנדערע דערפער נאך די בעארבעטע פעלדער האבן זיך געצויגן וועלדער און בערג; כ׳געדענק נאך דעם הויכן בארג קיצירע, וואס איז געווען באדעקט מיט שניי ביז אין מיטן זומער.

אין דארף איז דורכגעפארן א קאלייקע (א קליינבאן), וואס האט געפירט דאס האלץ פון די וועלדער אין די טארטאקן פון טורקא.

אילניק איז געווען א גרויס דארף. די מערהייט איינוווינער זענען געווען, פארשטייט זיך, גויים, נאר צווישן זיי האבן געלעבט בערך 40 יידישע משפחות, וועלכע האבן זיך פארנומען מיט לאנדווירטשאפט און א טייל מיט מסחר. דאס לעבן איז געווען שווער. מ׳האט א גאנצע וואך געהארעוועט אויף פרנסה און געזארגט, אז אויף שבת זאל גארנישט פעלן.

שבת האט מען אראפגעווארפן פון זיך דעם יאך, אנגעטון די שענסטע זאכן, וואס מ׳האט פארמאגט, די שטריימלעך — און מ׳איז געגאנגען דאווענען. ס׳זענען געווען אין אילניק דריי מנינים אין דריי באזונדערע פלעצער: ביי ר׳ יאסעלער האנס, ביי ר׳ עקיבא האנס און ביי ר׳ הערש נחמן זינגער.

כ׳געדענק: ר׳ יאסעלע האנס פלעגט זיך שבת אנטון בגדי מלכות מיטן שטריימל; זיין פרוי מלכה מיטן הדרת פנימדיקן „גוט שבת״, מיטן ווייסן טיכל אויף קאפ — ווי אלע אונזערע מאמעס... ר׳ יאסעלע איז געווען דער הויפט כלל טוער פון דארף; יעדער איינער, וואס האט עפעס געדארפן א טובה, איז געגאנגען צו ר׳ יאסל האנס. זיין הויז איז געווען אפן פאר כל דכפין.

איך אליין בין זער יונג פאריתומט געווארן פון טאטן — ר׳איז אוועק אין דער ערשטער וועלט מלחמה און מער זיך נישט אומגעקערט; אין א פאר יאר שפעטער איז אויך די מאמע געשטארבן, זכרונם לברכה. איך האב זיך ערצויגן אין דארף צווישן פרעמדע מענטשן — אלע זענען מיר געווען גוטע פריינט און אלע זענען מיר פארבליבן אין זכרון.

ר׳ מענדל־שוע האט אויפגעהאלטן א חדר, אין וועלכן איך האב געלערנט, און דאס איז געווען נאר לשם מצווה, אן שכר־לימוד. ער איז געווען א ייד א למדן, א בעל־תפילה, א מוהל — און דאס אלץ האט ער געטון לשם שמים.

שטארק איינגעקריצט אין הארץ איז מיר פארבליבן מירטשי, יאסעלע האנס׳ס טאכטער. זי האט מיך מיטגענומען קיין סקולי און האט זיך באצויגן צו מיר ווי צו אן אייגן קינד. כ׳האב ביי זיי געארבעט און געלעבט. אונפאר־געסלעך זענען אויך אירע צוויי זין, זיגא און איטשע — און די גאנצע משפחה ארנשטיין.



ערב פסח. דאס מצות באקן אין דארף, דאס פריילעכקייט... די אויס־געבאקענע מצות האבן געשמעקט און גערייצט פון דערווייטנס... דאס הילצערנע פעסעלע האט מען באצייטנס אנגעפילט מיט מצה וואסער; אין א צווייט הילצערן פעסעלע האט מען שוין נאך פורים פארזייערט א בארשטש, וועלכער האט געשמעקט ווי גוטער וויין...

...יום־טובן... ימים נוראים... ר׳ פייוול וואלף, דער בעל־קריאה, א ייד פון 90 יאר מיט א הדרת פנים... דער ונתנה תוקף פון ר׳ יאסעלע האנס אדער פון יקותיאל...

און גארנישט איז געבליבן...



די יידישע משפחות, וועלכע האבן געלעבט אין דארף:

אנשל ווייס, דוד יונה גלייכער, פייגע קירשנער, יוסף גערבער, וואלף גערבער, אברהם גערבער, בנימין פראם, חיים דאן, הערש בערג, יקותיאל שפילמאן, אברהם שפילמאן, שלמה בערג, דבורה בערג, ישראל שווארץ, יצחק שווארץ, יצחק וואלף שווארץ, מאדל לאטערמאן, יצחק מנדל האנס, לייביש בערג, עקיבא האנס, פאמיליע שינדלער, יוסף אהרן פוקס, דוד זינגער, משה זינגער, הערש נחמן זינגער, מענדל פוקס, אסתר ליבע פוקס, אביש שוסטער, שמעון פלאשנער, פאמיליע ארבעל, יוסף האנס, ישראל־אברהם האנס, בעריש פיש, עקיבא וואלף, אנשל שווארץ, בעריש שווארץ, זכרונם לברכה.



אברהם טוכמן

## הכפר ויסוצקו־ניז׳ני

במלחמת העולם הראשונה נחרב הכפר ונבנה אחר־כך מחדש. זוכרני, בהיותי בן ארבע, ברחה כל משפחתנו לצ׳כיה. כאשר חזרנו בשנת 1917 היה כל הכפר שרוף. במרכז הכפר, מקום שם גרנו, לא מצאנו אף בית אחד. גם בתי שכנינו האוקראינים נשרפו אז, אך הם כבר הספיקו לבנותם מחדש. יהודים מספר, ביניהם דודי, גם הם שבו מוקדם יותר והתחילו לשקם את משקיהם.

בדרך כלל היו יהודי הכפר עניים והתפרנסו בקושי. אחדים סחרו בעצי היער, אחרים היו בעלי־מלאכה, כגון סנדלרים, חייטים, נגרים וטוחנים. החיים לא היו קלים ; נלחמו לקיום המשפחה. גם מן האוקראינים שבענו לא אחת מרורות.

שלושים משפחות יהודיות היו בכפר. התנהלו גם חיים חברתיים ותנועתיים : התקיימו סניפי מפלגות — ציונים, עקיבא ועוד.

ציפורה זלמנוביץ (כץ)
נתניה

# ראזלאטש און בעניוווא



## א. ראזלאטש

דאס שטעטעלע ראזלאטש ליגט 14 קי־לומעטר פון טורקא. די נאטור האט דאס שטעטל באשאנקען מיט פול שענקייט, רינגס ארום די שענע בערג, וועלכע זענען פאר־וואנדלט געווארן אין שענע שפאצירגערטנער; די וועלדער, וואסער־פאלן און טייכן האבן צוגעגעבן דעם שטעטל א באזונדערן חן. רייכע יידן פון לעמבערג, סאמבאר און אומגעבונג האבן פיל געלט אינוועסטירט און אויסגעבויט שענע ווילעס מיט פארקן, וועלכע האבן גענוצט אלס זומער פרישעס; די לופט איז געווען פריש און געזונט.



רוזלוץ׳.

ס׳איז אויסגעבויט געווארן א באסיין מיט די נייסטע איינארדנונג, ווו מ׳האט זיך געבאדן; מינעראל וואסער איז געווען, וועלכעס האט געניצט צום טרונקען. יעדער אין דער אומגעבונג, ווילכער האט נאר מעגלעכקייט גע־האט, איז געפארן פארברענגען דעם זומער אין ראזלאטש. די שענקייט האט מען פארגליכן צו ווין; קליין־ווין האבן עס אסך גערופן. א גאנצע גאס מיט ווילעס האט מען אויסגעבויט; געהייסן האט זי די מאלערמאן גאס.

די יידן אין ראזלאטש האבן זיך געלעבט צופרידן. מ׳האט געמאכט אנשטרענגונגען צו פארגרעסערן און שענער צו מאכן די וווינונג — דאס האט אים שענע הכנסות איבערן זומער אריינגעברענגט. אין שטעטעלע האבן נישט געוווינט קיין סך יידן פון די „אלטע" איינוווינערס, נאר ס׳זענען געוועזן נייע צוגעקומענע משפחות; איך וועל נאר יעצט שרייבן פון די, וועלכע כ׳געדענק.

די יוגנט אין שטעטעלע איז געוועזן ארגאניזירט אין פארשידינע ציוניסטישע ארגאניזאציעס. זומער זענען שטענדיק געקומען אסך חלוצים פון אנדערע שטעט — מ׳האט באזוכט דעם קוואל פון דניעסטר, וועלכער איז געווען אין די בערג פון ראזלוטש.



רוזלוץ׳

**אסך יונגע מענטשן האבן געשטרעבט צו פארן קיין ארץ־ישראל און מיטגעמאכט א ספעציעלע הכשרה. איך האב מיין הכשרה געמאכט אין טשעכנו, אין דער שטאט קאשיצא — א דאנק דעם בין איך גערעטעט געווארן אין גרויסן אומגליק; כ׳בין דערטלאפן קיין אונגארן, און נאך א סך איבערלעבונגען און וואנדערונג האב איך דערגרייכט ישראל.**

## ב. בעניוווא

**פינף יאר בין איך אלט געווען, ווען כ׳האב פארלאזט בעניוווא, און אסך יארן האב איך געבענקט נאך עס; כ׳פלעג עס טאקע שפעטער באזוכן.**

**ס׳שטעטעלע איז געווען ארומגערינגלט מיט וועלדער. די באן־סטאציע איז געווען אין סיינקי אדער סאקאליקי, 4—5 קילאמעטער פון שטעטעלע. קיין בית־המדרש איז אין בעניוווא נישט געווען; מ׳האט געדאווענט ביי דער משפחה** יעקב אפעלדערפער.

**יידן אין בעניוווא האבן זיך פארנומען מיט האנדל און מיט לאנד־ווירטשאפט.**

מאיר גולדרייך
נתניה

# יהודי הוסנה־ויזנה והוסנה־ניזנה



17 בתי אב יהודיים היו בהוסנה־ויזנה והוסנה־ניזנה, לעומת 400 בתי־אב בכל הכ־פר, שרובם ככולם היו נוצרים אוקראינים. 17 משפחות אלו, נוסף על עיסוקיהם השו־נים הרגילים — חקלאים, סנדלרים, בעלי אדמות, תחנות קמח, עגלונים ותנוונים — עסקו גם במסחר, וספקו לכפר את יתרת צרכיו, אשר לא יוצרו במקום.

החיים היהודיים במקום התנהלו בשל־ווה, והטביעו את חותמם על המקום כולו, אותו אשתדל לתאר:

ליל שבת. עת הודלקו הנרות בבתים היהודיים, האירו אלה את כל הכפר ובישרו לכל תושביו, כי יום השבת, יום מנוחה, הגיע. ואמנם, השבת והיהודים המעטים בשטריימלעך ובקפוטות עוררו יראת כבוד כזו, כשבמקרה ועברה עגלה רתומה לסוסים, לשוורים, או איכר רכוב על סוסו — פינו אלה את דרכם לקדושת השבת, וכאילו עברו על קצה אצבעותיהם... רשות הדיבור היה לאלה, אשר פיארו את הכפר בהכניסם אווירה חגיגית על כל הסובבים אותם.

שבת אחרי הצהרים, עת הלכו הורינו אחרי התפילה והטשולנט לישון ולנוח מטרדות כל השבוע, יצאנו, אנו הנוער, לרחוב. שם התאספנו והלכנו אל קצה הכפר. כתחנת ביניים שימש בית פישל זימן, ומשם צועדים לבית פייטל פידלר ואיציק הנס. אורכו של הכפר היה רב, ועברנו בו כאילו אנו השולטים היחידים בו... מי העז להפריענו?... על־יד בית הסולטיס חיכינו לדוור, אשר הביא את הדואר מויסוצקי. כבר ברחוב „פירקנוהו", כי מרבית הדואר היה שייך לנו; לידי הסולטיס מסר תרמיל ריק...

„שלוש הסעודות". טרם שהודלקו המנורות והאורות בבתינו, למרות שהבהיקו כבר מרביתם של בתי הכפר הנוצריים — היה הכפר כאילו מוכה בחשיכה; הוא נשאר חשוך עד הדלקת הנרות והשמעת „הנה אלי ישועתי".

ואין לדבר על „הימים הנוראים". יראת הכבוד היתה מורגשת בכל פינה בסביבה כולה, הציפורים כאילו צייצו בקול נמוך מתמיד, לבַעַן לא להפריע את קדושת היום־טוב.

אכן, הנוצרים, שהיוו כ־95% מאוכלוסיית המקום, היו להם השגות וטענות נגד היהודים החוגגים, כגון: בחג השבועות, עת סיימו את עבודת החריש והזריעה, וכשלאדמה היה דרוש גשם, וימי החג יפים היו דווקא — הרי אנו, היהודים, היינו אשמים בכך, שבתפילותינו מנענו מהגשם מלרדת... או, בראש השנה, כשהאיכרים זקוקים היו למזג אוויר יפה לשם איסוף יתרת תבואותיהם מהשדות — וכשירד גשם — כמובן, היתה זו אשמתם של היהודים, שבתפילותיהם דרבות גררו את הגשם... אך מי התחשב בכך?... — הרי עצם גישתם זו, אם האמינו בה בלב תמים, הגבירה את יחס הכבוד לגבי אלה, שהיה בכוח תפילתם להשפיע על ירידת גשמים או על מניעתם...

ולא רק החגים. גם לימי האבל היתה השפעה על המקום כולו: בצום תשעה־באב השתרר עצב מוהלט, כאילו לא רק היהודים, אלא גם הכפריים כולם צמים... הכול התנהל באיטיות ובעייפות אופיינית לצמים...

באווירה זו התנהלה גם פעילות ציונית ענפה בין קומץ יהודי המקום (בתצלום אחד אנו רואים את הבחירות לאחד הקונגרסים הציוניים. נדמה לי, היה זה בשנת 1933 בבית ב. ה. גולדריך, כשעל 49 קולות, נגד 49 שקלים שנמכרו, התמודדו 3 רשימות: המזרחי, הציונים הכלליים והשומר הצעיר). אך כל החיים הללו כלו עם כיבוש האיזור על־ידי הנאצים, וכל אלה, אשר חיו אתנו במשך דורות בכפיפה אחת, והיו לא רק לשכנים אלא גם לידידים, הפכו בין־לילה את עורם והיו לחיות טורפות.

חברי לספסל הלימודים ושכננו הקרוב ביותר, אשר אביו לימדנו לנגן על כינור, ואשר היינו בני בית זה אצל זה — כיוון מולי את רובהו בהיותו מיליציונר אוקראיני. אכן, בסיוע פעיל של אלה, בתוכם חיינו ואתם יצרנו, חוסלו החיים היהודיים במקום.

יהיו דברי למצבת זיכרון לאלה, שלא זכו לראות במפלתם של המרצחים ובתקומת ישראל;

יהיו דברי אלה לנר־תמיד להורי היקרים ברוך־הרש ורבקה גולדרייך, לאחותי פסיה ובעלה אברהם רייכמן, לבניהם ולבני אחי, לידידינו ולמכרינו ולכל בני הכפר הוסנה־ויזנה והוסנה־ניזנה.

מנחם רוזן, יחיאל הירט
חיפה

# לעבן און אונטערגאנג פון לומנא

## יידן און גויים





לומנא — א שטעטל צווישן דריי שטעט: טורקא, ליטעוויסק און סטארי־סאמבאר. צוויי טייכן פליסן ארום דעם שטעטל — דער דניעסטער און די כאשטשיוואניע. פון דער דרום־מערב זייט ציען זיך באוואלדעטע בערג אן א סוף... דאס יידישע פירטל איז באשטאנען פון א צענטער, וואס האט זיך אנגעלענט אויפן טייך כאשטשיוואניע, גע־שיצט פון אים מיט הילצערנע פארענטשעס, וועלכע האבן גלייכצייטיק געדינט פאר לייי־דיגייערס און סתם בעלי־בתים צו כאפן א שמועס, זיך אנלענענדיק אדער רייטנדיק אויף זיי... פונם צענטער ציען זיך דריי וועגן אין פארשידענע ריכטונגען: איין וועג קיין טורקא, דער צווייטער קיין ליטעוויסק און דער דריטער קיין סטארי־סאמבאר.

די הייזער האבן זיך געצויגן פון ביידע זייטן גאס — איין הייזל אריין, דאס צווייטע ארויס... געווען זענען די הייזלעך געבויט פון האלץ מיט געדעקטע שינדל־דעכער. אין צענטער איז געווען א געמויערט הויז פון ציגל, וועלכעס איז אויפגעבויט געווארן דורכן ערשטן נגיד י. מ. ענגעלמאיר. דער פאלאץ האט דערנאך געדינט אלס דירות פאר דער ווייטערדיקער גענעראציע. נעבן דעם דאזיקן הויז איז געווען א גרויס בית־מדרש מיט א שול פאר פרויען, וועלכע האבן אין זיך געקאנט ארייננעמען די גאנצע יידישע באפעלקערונג. נעבן בית־מדרש איז געווען די פאליציי־סטאציע. נאנט צום טייך איז געווען א שעכטהויז; אביסל ווייטער איז געווען א שוויץ־באד מיט א מקווה. דער יידישער ישוב איז, אלזא, געווען מער־ווייניקער קאמפאקט.

**פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די יידישע באפעלקערונג באשטאנען פון בערך 80 משפחות, ביי א 350 נפשות. ס׳זענען אויך געווען עטלעכע פוילישע משפחות, וועלכע זענען באשטאנען פון באאמטע, שול־לערערס, בעלי־מלאכות און פאליציי. די הויפט באפעלקערונג איז באשטאנען פון אוקראינער און קאצאפעס. זיי האבן געלעבט פון לאנדווירטשאפט און געוווינט אין דער פעריפעריע פונם שטעטל. אין הארץ פונם שטעטל איז געווען א פרויען סעמינאר מיט א קלויסטער, ארומגענומען און באשיצט מיט א הויכן פארקן פון 4 מעטער־הויכדיקע ברעטער; דורך אייניקע שפארעס האט מען קוים געקאנט דורכקוקן. דארט איז געווען אן אפגעשלאסענע מלוכה פון פרויען. דאס פערסאנאל איז באשטאנען פון נאנעס, וועלכע זענען גלייכצייטיק געווען די לערערינס פונם סעמינאר. דער סעמינאר האט אליין באארבעט די לאנדווירטשאפט, א שטח וואס איז באשטאנען פון עטלעכע הונדערט דונאם; די באארבעטונג איז, צו יענער צייט, געווען זער אינטענסיוו.**



ר׳ ברוך הירט, לומנה.

## די אנטוויקלונג פונם שטעטל

**אינם צווייטן טייל פונם 19־טן יארהונדערט האט לומנא און די גאנצע סביבה געהערט צום** גראף פארמא, **א פאטער פון דער שפעטערדיקער** קייזערין ציטא, **דעם לעצטן עסטרייכישן** קייזער קארלס **פרוי. דער גראף פארמא האט אין לומנא אויפגעבויט א גרויסע פאפיר פאבריק, וועלכע איז, אין דער דאמאלסדיקער**

צייט, געווען איינע פון די גרעסטע פאפיר־פאבריקן אין גאליציע. דאס רוי מאטעריאל האבן צוגעשטעלט די ארומיקע וועלדער.

אין ווינטער פלעגט דער גראף קומען אויף יאגד מיט זיין גאנצער פאמיליע און דאס פלעגט מיט זיך אריינברענגען אביסל לעבן אין שטעטל. די פאפיר־פאבריק איז ווארשיינלעך געווען דער יסוד פון דער אנטוויקלונג פונם שטעטל. עס האבן איינגעוואנדערט יידישע באאמטע און סוחרים. עס זענען אויפגעשטאנען פארשידענע געשעפטלעך, בעקערייען, קרעטשמעס, וועלכע האבן באדינט די ארבעטער פון דער פאבריק. די פויערן האבן טיילוויז געארבעט אין דער פאבריק און אנדערע פון זיי האבן עס צוגעשטעלט דאס האלץ פון די וועלדער — דאס רוי־מאטעריאל פון פאפיר — און אויך טראנספארטירט דאס פארטיקע פאפיר צו דער נאנטסטער באן־סטאציע סטשילקע.

לויט ווי ס'איז דערציילט געווארן האט דער גראף איינמאל בשעת א ווינטער־יאגד ארויסגעזאגט, דאס אויב עס וועט אים נישט געלונגען צו שיסן א ווילדע חיה, וועט ער אפשטעלן די פאבריק... אזוי ארום איז אין א געוויסן טאג די פאבריק פארלאזט געווארן און מיט דער צייט חרוב געווארן. די פונדאמענטן און די גרויסע מילשטיינער, וואס האבן געדינט צום מאלן דאס האלץ אין דער פאבריק, זענען נאך פארבליבן ביז די שפעטערדיקע יארן. די דאזיקע פונדאמענטן זענען געווען געגאסן פון בליי און א טייל יידן, וואס האבן געוווּסט דעם סוד, זענען טאקע רייך געווארן פונם בליי, וואס איז, אייגנטלעך, געבליבן הפקר...

אויפן דאזיקן פלאץ איז יארן שפעטער אויפגעבויט געווארן א גרויסע דאמף־זעג, וועלכע האט אנגעהאלטן ביזן יאר 1910 — ביז די ארומיקע וועלדער זענען עקספלואטירט געווארן.

## דאס בית המדרש און דאס לערנען

דאס שטעטל האט פאר זיך געבילדעט א זעלבסשטענדיקע איינהייט פון א יידישן ישוב; מיט א רב, א שוחט א מוהל, א שוויץ־באד און מקווה, דעסגלייכן א גרויסע שול און שעכטהויז, וועלכע האבן באדינט אויך די ארומיקע סביבה.

דאס יידישע קולטורעלע לעבן האט זיך אין די דאמאלסדיקע צייטן רע־קרוטירט אין בית־המדרש. כמעט יעדער בחור, וועלכער האט געענדיקט דעם

„חדר" און פאלקס־שולע איז אריבער אין בית־מדרש אריין. דא האט ער מיט אייגענע כוחות אנגעהויבן צו לערנען א בלעטל גמרא, און מיט דעם וואס איז אים נישט געווען פארשטענדלעך, איז ער אלעמאל ארויסגעהאלפן געווארן דורך די עלטערע למדנים, וועלכע זענען געשטאנען צו זיין דיספאזיציע. די מתמידים זענען מיט דער צייט געקומען צו דער מדרגה פון תלמידי חכמים, און ווידער צוגעהאלפן די שוואכערע מיט א שיעור אין תלמוד און פוסקים. אזוי, דאס די בחורים פון שטעטל האבן באקומען א שם פון תלמידי חכמים און געזוכט א זיווג אין די גרעסערע שטעט...

א ווינטער אויף דער נאכט, ווען דאס בית־מדרש איז געווען גוט אנגעצונדען — זענען אלע טישן געווען באזעצט מיט סתם בעלי־בתים און בחורים, וועלכע האבן געשמאק געלערנט, און די זיסע גמרא שטימען האבן ווייט ארויסגעקלינגען פונם בית המדרש. די מתמידים פלעגן לערנען צוויי מאל א וואך א גאנצע נאכט. אין מיטן לערנען, אין די ווינטערדיקע גרויסע אוונטן, פלעגט מען צוזאמענעמען געלט און קויפן פירות פונם סעזאן און אנדערע דערקוויקונגען, כדי זיך אביסל אויפצומונטערן.



הרב מלומנה

דאס זייטנצימערל פון בית מדרש האט געדינט פאר די בחורים אויף צו מאכן אן אייגן מנין אין שבת און יום־טוב — אזוי, אז דאס האט גלייכצייטיק געדינט אלס „סעמינאר״ פאר קומענדע בעלי־קריאה, בעלי תפילות און חזנים... די, וועלכע האבן זיך אויסגעצייכנט מיט חזנישע שטימען, האבן געדינט אלס אונטערהאלטערס פונם חזן אין די ימים טובים און ימים נוראים.

שבת־שלוש־סעודות פלעגן די בעלי־בתים מייסטנס פראווען ביים רב, מרדכי ענגלמאיר, און דארטן הערן דברי תורה מענייני דיומא; דער רב פלעגט זיך אויסצייכנען מיט גרויסע בקיאות אין תלמוד, רמב״ם און סתם פלפול. די חסידים פלעגן א גאנצע וואך נאכדערציילן די חידושי תורה, וואס ז׳האבן געהערט.

די בחורים נאך 13 יאר אלט — יעדער פלעגט זיך מיטנעמען אין קעשענע אריין א כזית חלה און קומען אין בית מדרש אריין, זיך אוועקזעצן ארום די טישן און זינגען זמירות אין דער טונקל. דאמאלס האט דאס בית־מדרש געהערט צו דער יוגנט. יעדער פון די דערוואקסענע בחורים האט שוין געהאט א חזקה אויף א קאפיטל זמירות און איינער דעם אנדערן האט שוין נישט משיג גבול געווען... די נייע אונטערגעוואקסענע קאנדידאטן האבן שוין געמוזט ווארטן ביז איינער פון די בעלי חזקות האט חתונה געהאט און פארלאזט דאס שטעטל... דער שלוש־סעודות פלעגט זיין איינע פון די חוויות פון דער יוגנט; יעדער האט געהאט די געלעגנהייט אויסצופרווון זיין האלז אין דער פינסטער, אויסמיידנדיק די אימתא דציבורא...



ר׳ משה הירש (בן־יחיאל), לומנה

## חברה פלאגערס

די בחורים, וועלכע האבן זיך דערנענטערט צום אלטער פון מיליטער־דינסט, האבן זיך צוזאמענגענומען אין א גרופע, וואס מ'האט זי גערופן „די פלאגערס". זייער אויפגאבע איז געווען אפצוהאלטן א שטרענגע דיעטע, מיט צופאסטן עטלעכע טעג אין דער וואך און מיט שלאפלאזע נעכט. דער ציל איז געווען צו קומען צו אן אונטערגעוויכט, אויסזען ווי א קראנקער און אזוי ארום זיך ארויסדרייען פון מיליטער־דינסט... די לוסטיק־טרויעריקע חברה פלעגן זיך צוזאמענקומען אין בית־מדרש אין די נעכט, זינגען און טאנצן עד כלות הנשמה. און בכדי צו זיין פריילעך האט מען געמוזט זארגן פאר א ביסל משקה און צובייסן הערינג. פלעגן זיי באשטייערן די בעלי־בתים מיט א געוויסן סכום געלט — און ווי צו דעם בעל־הבית, וועלכער האט זיך ווידערגעשטעלט און נישט באצאלט זיין חלק אין „תיקון" (דאס איז געווען דער נאמען פונם פאנד)... די חברה פלעגן די ווידערשפעניקע אפטון א שפיצל אויף פארשידענע וועגן, וואס האט זיי שוין אפגעקאסט פי כמה וכמה.

די חברה פלאגערס פלעגן אין די ווינטער צייטן דינען אלס הויפצושטעלערס פון האלץ צום הייצן פאר די ארעמע. דאס האלץ פלעגן זיי נעמען אין די נעכט ביי די רייכערע בעלי־בתים און צוגעפירט צו די ריכט־קע נויטבאדערפטיקע פלעצער... שוין דאמאלס האבן די פלאגערס געדינט אלץ האלץ־העקערס און וואסער־טרעגערס, וואס אויך געדינט אלס איינע פון די קוועלן צו קויפן משקה. די דאזיקע תקופה פלעגט דינען פאר די חברה פלאגערס און סתם נאכשלעפערס א געלעגנהייט זיך אויסצולאדעווען פון דער דערשטיקטער יוגנט ענערגיע, וועלכע ער האט געמוזט אין נארמאלע צייטן אין זיך אונטערדריקן. עס איז שוין געווען אן אנגענומענער מנהג, דאס די פלאגערס „מעגן" אלץ און מען האט זיי מוחל געווען פארשידענע שטיקלעך, וואס זיי האבן אפגעטון...

ארום די פלאגערס האט זיך געשאפן א מוזיק־קאפעלע פון פרייוויליקע, וועלכע איז באשטאנען פון פידל, באס, פויק און פלייט. פארשטייט זיך, דאס די מוזיקער האבן אין די דאמאלסדיקע צייטן נישט געלערנט קיין נאטן, נאר האבן אזוי לאנג געפידלט ביז זיי האבן מיט אייגענעם פלייס געכאפט דאס פאך... די קאפעלע פלעגט שפילן אין די נעכט אין בית־המדרש און די פלאגערס האבן געטאנצט מיט זייער באגלייטונג. די קאפעלע פלעגט אויך באזוכן הייזער אין פארשידענע געלעגנהייטן, ווי א מוצאי־שבת נאך א פארשפיל; זיי

פלעגן דאן קומען משמח זיין דעם חתן אדער כלה. זיי פלעגן נישט מאכן קיין אויסנאם צווישן ארעם און רייך. דאס זעלבע ביי א ברית־מילה, וואס איז פארגעקומען אין וואכן טעג, און אויך ביי א פדיון הבן. פורים פלעגן זיי ארומגיין פון הויז צו הויז און נאך זיי האט זיך נאכגעשלעפט דאס יונגווארג פונם שטעטל. די הכנסות פון דער קאפעלע זענען געווען באשטימט פאר קויפן ספרים אין בית־מדרש אריין.

## ערב־שבתדיקער שוויץ־באד

פרייטיק, מיטאג־צייט, האט מען שוין געשפירט, דאס דער שבת דער־נענטערט זיך. נאכמיטאג האבן די בעלי־בתים מיט זייערע בנים, א בעזעמל און א האנטוך אין האנד, מארשירט אין באד אריין. די באד איז באשטאנען פון א שטיין־שוויץ מיט 7 טרעפן, א מקווה, אווארעמע און א קאלטע; פאר די „אינטעליגענטן" זענען געווען 3 האלץ־וואנעס. דאס שוויצן פלעגט מען איינ־טיילן אין צוויי חלקים. נאכדעם ווי מ'האט זיך גוט אפגעשוויצט אויף טריקן, זיך גוט אפגעקלאפט און אפמאסירט מיטן בעזעמל, זיך אפגעגאסן מיט עמערל קאלטן וואסער — פלעגן זיך די אנגעזעענע בעלי־בתים אוועקזעצן אין פארהויז אפצורוען. דאס איז אייגנטלעך געווען דער ערשטער חלק פון שטעטלדיקן נאקעטן פארלאמענט... דארט האט מען ארומגערעדט אלגעמיינע וועלטלעכע פאליטיק און די ארטיקע געשעענישן. די צווייטע סעסיע האט מען אפגעהאלטן שבת אין דערפרי פארן דאווענען נאך דער ווארעמער מקווה. דאמאלס פלעגט מען ארומרעדן ארטיקע נייעס מיט א ביסל לשון־הרע. דער פאטער האט דאן געקאנט אונדירעקט געוואר ווערן וועגן די „מעשים טובים" פון זיינע בנים, און צוליב דעם אליין שוין געהאט נישט איינמאל א פארשטערטן שבת...

פרייטיק נאכן שוויצבאד פלעגן די רייכערע בעלי־בתים אפטרעטן אין א שענק צו טרינקען א גלאז ביר מיט א טעלער אויסגעזאטענעם ארבעס. פאר די ארעמע, ווידער, האט שוין אין זייער היים אויף זיי געווארט א טעלער מיט לאקשן־יויך. נאכדעם ווי די בעלי־בתים האבן געכאפט א דרימל, האבן זיי זיך אפגעשאקלט פון די וואכעדיקע דאגות און אריין אין א שבתדיקער שטימונג מיט דער נשמה יתרה; זיי האבן זיך אנגעהויבן שפירן אלס שבתדיקע מלכים.

די שבתים און ימים־טובים האבן זיך אויסגעצייכנט מיט א פריילעכע שטימונג. די משפחות און באקאנטע פלעגן באזוכן איינע די אנדערע און זיך אפגערעט פון די הערצער.

## פ ר נ ס ה

די הויפט פרנסות פון שטעטל זענען געווען דער האנדל, אָפּט שפּיצערײַ געשעפטן; דאס איז געווען אזא מין כל־בו וואס האט געהאט פון אלעמען אביסל, לויט די דאמאלסדיקע באדערפענישן פונם שטעטל און סביבה. די צווייטע פרנסות זענען געווען קרעטשמעס, טראפיקן, בעקערייען און יאטקעס. א טייל האבן ארויסגעצויגן זייער פרנסה אלס פעדלערס; זיי האבן באזוכט די דערפער אין דער סביבה. פארקויפט און געקויפט אדער אויסגעטוישט סחורות מיט די פויערים. א טייל זענען געווען מעקלערס פון אלעם, וואס איז זיי נאר אונטערגעקומען אונטער האנד. זיי פלעגן באזוכן די ירידים אין ארומיקע שטעטלעך — און אז ס׳איז זיי געלונגען אהיימברענגען א רייניש אדער צוויי אויף שבת, זענען זיי געווען צופרידן... א קלײנער טייל איז געווען בעלי־מלאכות, ווי שניידערס, שוסטערס, מויערערס, בוכבינדערס און בעלי־עגלות. דאס שטעטל האט זיך, אין אלגעמיין, נישט אויסגעצייכנט מיט גרויסע עשירים, אבער פרנסה, לויטן באגריף פון דער דאמאלסדיקער צייט, פלעגט יעדער מער־וועניקער ארויסציען.

## געזעלשאפט און בילדונג

עס איז געווען א חברה גמילות חסדים, ביקור־חולים, און הכנסת כלה. יעדער פון די יוגנט האט געמוזט באזוכן די פאלקס־שול, וואס איז באשטאנען פון 4 קלאסן — און מיט דעם האט זיך, מייסטנס, געענדיקט דאס שטודירן פון לימודי חול. אין יאר 1911 האט זיך פארוואלגערט אין שטעטל ארײַן א לערער, א מענש מיט גרויסע אלגעמיינע בילדונג. דער לערער האט געפירט פארשידענע קורסן פאר יונגע און דערוואקסענע אין דער דייטשער שפראך; די קורסן האבן געדויערט צוויי יאר בערך. און אזוי ווי דער לערער איז דערשינען פלוצים, אזוי איז ער פלוצים נעלם געווארן, נישט איבערלאזנדיק נאך זיך קיין שפור... האט זיך טאקע שפעטער ארויסגעוויזן, אז ער איז געווען א שפיאן, רחמנא לצלן. אין משך פון דער צייט האט דער קורס פון דערוואקסענע תלמידים שטארק פארטגעגאנגען אין דער דייטשער און אלגעמיינער ליטעראטור, דערצו נאך מיט א וואזשנעם פרק פון קארל מארקסעס טעאריע; און דאס איז געווען דער יסוד פון דער שפּאגעל־נייער יידישער אינטעליגענץ פונם שטעטל.



אין דער דאמאלסדיקער צייט איז נאך אין שטעטל נישט געווען פאפולער קיין יוגנט באוועגונגען, פאריינען א.א.וו. דאקעגן, דער ספארט, לויטן סעזאן, איז געפלעגט געווארן דורך דער יוגנט. זומער איז מען אפגעזעסן אין די טייכן; כמעט יעדער האט געקאנט שווימען. מ׳האט געמאכט אויספלוגן אין די ארומיקע בערג, וועטן אין לויפן, כאפן פיש אין די טייכן, און מ׳פלעגט אויך גייען אין די וועלדער קלויבן מאלינעס, יאגדעס, און — נאך די רעגנס — קלויבן שוועמלעך. אין ווינטער צייטן פלעגט מען פארברענגען מיט גליטשן זיך אויפן אייז, און מיט שליטעלעך זיך אראפלאזן פון די הויכע בערג, וואס איז א סך מאל געווען פארבונדן מיט סכנת נפשות.

## נייע צייטן

אין די צייטן פון דער ערשטער וועלט מלחמה, נאך דער ערשטער רוסישער אינוואזיע, זענען די מיינסטן פון דער יידישער באפעלקערונג אויס־געוואנדערט קיין אונגארן, טשעכן און עסטרייך. נאכדעם ווי גאליציע איז באפרייט געווארן דורך דער עסטרייכישער ארמיי, איז א גרויסער טייל פונם שטעטל צוריקגעקומען אהיים. זיי האבן פאראכטן זייערע חרובדיקע הייזלעך און א טייל האבן אויך אויפגעבויט נייע.

די צוריקגעקומענע „וועלט־מענטשן" האבן שוין מיט זיך מיטגעברענגט א ביסל קולטור און ציוויליזאציע. א גרויסער טייל פון די יוגנט האט שוין געליינט קלאסיקער און אלגעמיינע וועלט ליטעראטור. א טייל האבן שוין אנגעהויבן לערנען עברית — און דאס זענען געווען די ערשטע שפראצן פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין שטעטל. דאס בית־המדרש האט מען שוין זעלטענער באזוכט און פרייע צייט אויסגענוצט פאר געזעלשאפטלעכע באגע־גענישן און צוזאמענלעבן.

די אונטערגעוואקסענע זענען נישט מער געווען אנגעלענט ביי די עלטערנס טישן. זיי האבן אנגעהויבן אליין צו האנדלען אין די דערפער און צוגעהאלפן דער משפחה מיט פרנסה. דאמיט האבן זיי דערגרייכט זייער זעלבסטשטענדיקייט און זיי האבן באקומען א שם פון וועלטלעכע אויטגעאיבטע יוגנט. דאס איז אבער דאך געווען א לעבן פון איין טאג אויפן אנדערן, און א צוקונפט, וואס האט א גרויסן טייל פון דער יוגנט נישט איינמאל געבראנגט צו פארצווייפלונג. האבן טאקע א טייל אויסגעוואנדערט אין די גרויסע שטעט אריין, א טייל קיין אמעריקע און קיין ישראל.

## אונטערגאנג

אין יאר 1940 האבן די דייטשן י״ש ארײנמארשירט אין שטעטל ארײן אנקומענדיק פון אושטשיקי דאלנע און פון ליטעוויסק. זיי האבן אין דער לומנער פאליציי סטאציע ארײנגעזעצט א דייטשישן קאמענדאנט — און די פאליציי אליין איז באשטאנען פון „פאלקס דייטשן״ (די אזויגערופענע שוואבן פון וואלטשע) און אוקראינער. זיי האבן געוווּסט, דאס זיי האבן זיך אויף וועמען צו פארלאזן...

דער ערשטער אנהויב איז געווען: א לאסט אויטא מיט אמוניציע איז געבליבן שטעקן אין טייך דניעסטער. האבן זיי ארויסגעשלעפט אלע יידן פון שטעטל, געשלאגן זיי מיט בייטשן און שטעקענעס ביז די יידן האבן ארויסגעשלעפט דעם לאסטוואגן פון וואסער... דערנאך האבן זיי פארלאנגט אריבערצוטראגן אויף די פלייצעס די אמוניציע א מרחק פון א 4 קילאמעטער. די יידן האבן געברענגט א פערד־און־וואגן צו מאכן דעם טראנספארט — האבן זיי, י״ש. געענטפערט, אז ס'איז א שאד דאס פערד... דאס איז געווען די ערשטע לעקציע פון צוואנגסארבעט.

א צייט שפעטער איז געקומען די פאראָרדנונג וועגן מגן־דוד צייכן. זיי האבן מאביליזירט אלע מענער און זיי אריבערגעפירט קיין באבערקא. א טייל האבן געארבעט אין טארטאק און א טייל אין די וועלדער ביי נישט־מענטשלעכע באדינגונגען. פרויען און קינדער זענען דערווייל געבליבן אין שטעטל. זיי האבן אויסגעפלינדערט די הייזלעך און די אוקראינער האבן איבערגעלאזט ליידיקע ווענט...



אזוי האט מען געפלאגט און געמארדעוועט ביז 1942. דערנאך איז געקומען א באפעל, דאס אלע יידן, קינד און קייט, זאלן אריבער אין טורקער געטא ביים סטריער טארטאק; דארט האט מען זיי צוזאמענגעטריבן אין די באראקן ארײן. אין שטעטל זענען דאן נאר געבליבן 40־50 מענער מיט ארבעטס־קארטן פונם טארטאק. די עלטערע קראנקע מענער, ווי אויך פרויען און קינדער האבן זיי אויסגעשאסן אין געטא און די איבערגעבליבענע האט מען געטריבן צו דער באן־סטאציע פארלאדן אין לאסטוואגאנען און אפגע־טראנספארטירט קיין בעלזעץ, פון וואנען ס'איז קיינער שוין נישט צוריקגעקומען...

## אין ליטעווישק

אין שטעטל ליטעווישק, ווו ס׳איז נישט געווען קיין ארבעטס־פלעצער, האבן זיי נאך אין יאר 1941 ארויסגעטריבן דאס גאנצע יידישע שטעטל אויף די פעלדער פון דער משפחה ראנד. די אומגליקליכע יידן האבן זיך דארט אליין אויסגעגראבן מאסן־גריבער; בערך טויזנט פינפהונדערט נפשות זענען אזוי ליקווידירט געווארן דורך דערשיסן.

אין יאר 1942 איז ארויס א פאראָרדנונג, דאס אלע באזיצער פון ארבעטס־קארטן ווערן טראנספארטירט קיין סאמבאר אין געטא אריין. יידן האבן שוין דאמאלס געוווסט מיט וואס דאס שמעקט — האבן זיי אלע באשלאסן צו אנטלויפן אין די קארפאטן אריין. זיי האבן זך ארגאניזירט און אריבערגעשיקט פאכלייט אין די קארפאטן, נעבן גורנע איסטריק און דארט אויסגעבויט בונקערס. דערנאך האבן זיי אנגעהויבן אריבערצוטראגן גרופנווייז טריקענעם פראוויאנט. ס׳פלעגן ארויסגיין 5—6 מאן, אנגעלאדן זיך מיט וויפל זיי האבן נאר געקאנט און געוואנדערט אין די נעכט. דאס איז געווען א מרחק פון 60—70 קילאמעטער. די אונטערנעמונג האט געדויערט חדשים לאנג. עס איז זיי טאקע געלונגען, קורץ פאר דער לעצטער אקציע, צו אנטלויפן אין די בונקערס אריין, וועלכע זענען אנגעגרייט געווארן מיט אזוי פיל איבערמענטשלעכער אנשטרענגונג.

אבער צו זייער שלימזל האט זיך ביי די בונקערס פארוואלגערט א יונגערמאן פון קריווקע און איז אוועק ברענגען זיין משפחה. אויפן וועג האט מען אים געכאפט און אונטער גרויסע מאַטערנישן האט ער זיי צוגעפירט צום בונקער... עס איז שוין פון זיי קיינער נישט געבליבן.

די פרטים פון דער דאזיקער ליקווידאציע זענען דערציילט געווארן דורך יאשע וואלף פון בערעזשאק, דער איינציקער פליט, וואס איז דאן געבליבן לעבן.

**משה שינדלר**
קרית טבעון

# קראסנה - חיים וכיליון



## הכפר

**הכפר קראסנה נמצא במרחק של כ־30 ק"מ מעיירת טורקה, ואליה היה שייך. שטחו של הכפר גדול באופן יחסי לאוכלוסייה, שמנתה כ־1200 נפש; מתוך אלה 15 משפחות יהודיות, שמנו ס"ה כ־70 נפש. למזלו שכן הכפר סמוך לעיירה הקטנה סמוזה, שבה התקיים מדי שבוע, ביום שני, יריד גדול. ביום זה היו מביאים כל איכרי הסביבה את תוצרתם, וכמובן, יהודים היו באים לקנות ולמכור כל מיני סחורות, כן גם סוסים ובהמות למיניהם.**

**העיירה סמוזה, רוב תושביה היו יהודים, ובראשם עמד הרב. רובם היו מתפרנסים מהירידים. זאת היתה עיירה יהודית טיפוסית. בימי שבת וחגים שרר שקט בכול... ובשמחת תורה היו יוצאים היהודים עם ספרי התורה לאמצע העיירה רוקדים ושרים שירים חסידיים ועושים כל מיני תעלולים, והגויים היו עומדים מסביב, מי מתוך כבוד ומי סתם מסקרנות; והיו גם כאלה, אשר עמדו מתוך בוז, אך איש מהם לא העז לפצות פה.**

## בית התפילה

**בקראסנה, למרות היות הכפר מחולק לשלושה חלקים, והיו מקומות מרוחקים כ־4 ק"מ מהמרכז היו היהודים מתאספים מדי שבת בשבתו בביתו של דודי, ר' איזיק גיסינגר למניין. כמעט כל הבאים ידעו לעבור לפני התיבה ולהתפלל בנוסח חסידי מסורתי. אחי אברהם ואני היינו מקדימים לפעמים לבוא עם אבינו, אך אף פעם לא הצלחנו להקדים את ר' וולף... ר' וולף היה יהודי בא בשנים ולמרות היותו גר בקצה השני של הכפר תמיד היה הראשון. ותכונה**

היתה לו לר׳ וולף — הוא אהב מאוד לעבור לפני התיבה... לא הקור ולא הגשם לא יכלו למנעו מלבוא ראשון: שמא יפסיד, חס־וחלילה, את ההזדמנות הגדולה להשמיע את קולו המסולסל והיפה. בבית רבי אייזיק היה מתכבד בקפה חם ע״י הדודה חוה, שהיתה אישה צנועה, בת תלמיד־החכם הגדול, ר׳ למל זדילסקר.

אנו, הנוער, שמחנו בהזדמנות זו להיפגש, ובין התפילות נהגנו קצת להתלוצץ בסתר, אבל בפני המבוגרים התנהגנו בדרך ארץ. בספר התורה היה קורא יהודי תלמיד־חכם, ר׳ דוד הירט. בזמן הקריאה היינו משוחחים ומספרים על המורים. המורה טייכמן, שלא היה מצטיין כל־כך בשמירת מצוות, ישב שנים מספר בביתנו ולימד אותנו, בין היתר, גם תנ״ך; לרוב הדברים היה נותן פרושים מעשיים.. על־כן לא היו מכבדים אותו במיוחד, והיו אומרים, שאצל בריש שניצלר יש מלמד, „שחבל על היין, שהוא בחבית הזאת״ — ממש „א דייטש״... אף אחד מהם לא רצה להיכנס עמו בוויכוח, הואיל והיו לאיש הזה תשובות מבוססות לכל דבר והוא ידע על מה להסתמך. בעלי ההשכלה היו אומרים עליו, שלו היה ישראל טייכמן רוכש את השכלתו בצינורות מקובלים, היה פרופסור גדול; אך הוא רכש ידיעותיו בכוח עצמו. הוא ארגן אחרי כן, ביחד עם אחיו לייב, את האגודה הציונית „אחווה״, שאליה היה משתייך רוב הנוער של הסביבה.

## נוער ציוני

אני ואחי נרשמנו לסניף הקרוב אשר בסמוזה. הכול היו מלאי התפעלות — מאין אנו יודעים כבר שירים עבריים? והם לא הספיקו ללמוד אפילו שירים ציוניים אלה באידיש. אצלנו גם העוזרת הגויה כבר ידעה לשיר: מדי יום ביומו היתה שומעת כיצד אנו לומדים לשיר; והיות שעבדה אצלנו שנים רבות, ידעה אידיש וגם שירים באידיש. אחד מהם אני זוכר: היתה שרה „פריי פריי, פלסטינה פריי...״ אכן, זאת היתה תקופת התעוררות ציונית בפולין. התארגננו היטב וכינסנו אסיפות; רבים אף יצאו להכשרה.

פעם אירגננו פגישה עם הנוער היהודי־סלובקי, מעבר לגבול פולין. הלכנו כמה עשרות ק״מ ברגל ולנו בויסוצקי. שם חילקו אותנו לבתים ללינת לילה. למחרת, השכם בבוקר, יצאנו לדרך אל הר פיקו. בדרך הכרתי ילדה כבת 15, בלונדינית, רזה, אך מאוד נחמדה; סיפרה, שלומדת בגימנסיה בטורקה. היתה זאת אלה גיסטינגר. בשעה 10, לערך, הגענו לפסגת ההר, שהיה הגבוה ביותר בהרי הקרפטים. שם בילינו, כמה מאות איש, יומיים. וכמובן, רוב הזמן דננו על העלייה לארץ ישראל.

היו לנו גם בעיות משפחתיות — בשיכנוע ההורים, להרשות לנו לעלות. בשבתות הלכנו, ברגיל, לבית התפילה, ושם היו שלעגו לנו ושאלו: „מה תעשו בפלסטינה? אין שם כלום מלבד חול וערבים". כבר באותה שבת לא הלכנו לתפילת מנחה, אלא להיפגש עם הנוער; שם נוכחנו לדעת, שנערים אחרים, מבוגרים יותר, החליטו לעלות ארצה.

## חגים בכפר

החגים בקראסנה לא היו עוברים סתם ככה... אפילו פורים היה חג. היו קוראים במגילה, מתחפשים ועושים שמח...היו עורכים נשפים שמחים ומתחפשים. אך בעיקר היה חג הפסח אהוב ביותר על כל יהודי, עני כעשיר; התכוננו לו כל השנה. הכינו שומן מברווז ותרנגולת הודו. בכל בית ובית היו מכינים יין מתוצרת עצמית. שבועיים או יותר היו אופים מצות וגם היו מביאים מוכנות מטורקה. אך מצה שמורה — זה עניין לחוד, ובמלאכה זו היו הכול משתתפים. אחד היה מכין את הבצק, נשים היו עושות את המצות, ושניים מהגברים עמדו ליד התנור ופקדו: „א מצה אין אויוון אריין!"... הכול היו מלובשים נקי ומאחלים איש לרעהו, שיזכה בשנה הבאה עם משפחתו, לאפות שנית.

ערב פסח היה יום שמח. קודם כל היו עוזרים לאבא לסנן את היין —ופה תמיד היה „רווח"; כאשר עוסקים ביין אז גם טועמים ממנו. אחרי־כן נכנסים למטבח ופה אווירת פסח, הכל חדש, נקי ומשופשף. אמא, בסינור חדש, עומדת ע"י התנור ומכינה לביבות מתפוחי אדמה בשומן תרנגול הודו. ולביבות אלה לא היו סתם לביבות, היה להם טעם מיוחד וריח מיוחד, שונה לגמרי מלביבות אחרות של כל השנה... הסדר של פסח, בכל משפחה, לא נגמר לפני 12 בלילה. אחרי ארבע הקושיות היו קוראים בהגדה עם הפסקות של אכילה. בין מאכל למאכל היו שרים ומארבע הכוסות היו מגיעים להרבה יותר, והיה שמח...

## מלחמה

בשנת 1939, כשהגרמנים התנפלו על פולין, לא ברור היה לנו, מי המה „הבאים" אלינו — הרוסים או הגרמנים. כשגברה השמועה, שהגרמנים באים, התאספנו על ההר ותיכננו בריחה. הלכנו דרך ההרים, הגענו לטוכולקא. פה נודע לנו, שהרוסים באים... פיזרנו, לכן, את הקבוצה, שהתארגנה בצורה של

קומונה. מאחר ולא לכל הבחורים היה מצב כספי טוב; עשינו לכן הכול במשותף. כעת החזרנו לכל אחד את שלו ושבנו הביתה.

אחרי כשלושה ימים באו הרוסים. בהתחלה פחדנו, אך במהרה כל אחד הסתדר איכשהו בעבודה. בני דודינו, יצחק ואברהם (שלמה לא חזר מהצבא הפולני), המשיכו במשקם החקלאי, שבו היו מבוססים היטב והדודה רחל עזרה להם. אני עבדתי זמן־מה כמזכיר הכפר, אחרי־כן הועברתי ע״י השלטונות לבורוניה ומשם לסלבסקי שעל־יד סקולה. לזה ציפיתי, היות ואחי אברהם עבד שם באותו זמן, אך לצערי לא היתה השמחה ממושכת. אחרי חודש ימים החלו הרוסים לצאת מן המחוז ולפנות מקומם לגרמנים. את אחי גייסו לצבא, ואותי — לעבודה. יצאתי, לפי פקודתם בעגלה למקום הריכוז עם עוד שש בחורות יהודיות. פתאום נשברה העגלה ונעצרנו בדרך ואיש לא רצה לקחת על רכבו את הבחורות. ביקשתי מהן שתברחנה, וכן אעשה גם אני על הסוס, כי הגרמנים כבר היו מאחורינו. אך הבחורות לא רצו ודיברו על לבי, שלא אעזוב אותן. בסוף השגתי עגלה וניצלנו.

## הגרמנים בקראסנה

באותם הימים כבר היו הגרמנים בכפר. האוקראינים אספו את כל היהודים למועצה המקומית, שבראשה היה מצ׳קו מיכאל, שונא־ישראל נודע. הוא פנה ליהודים ואמר: „יש לי נייר ועליו כתוב, שאתם מרגלים; לכן עליכם לתת את הדין על־כך״. כמובן, כולם נבהלו עד מאוד והתחילו להישבע, שאין להם כל מושג על מה מדובר. הלא ידוע ידע הגוי, שאף אחד מאתנו לבד מהעבודה החקלאית לא התעניין בשום דבר. על יד חדר המועצה הסתובבו כמה צעירים אוקראינים עם רובים דרוכים והיה נראה שמצפים הם רק לפקודה... לפתע פתאום הופיע ברוך־אהרן מטורקה, אשר היה סוחר ידוע שם, עם קצין גרמני; ברוך־אהרן היה העגלון של הגרמני. אחרי כמה מלים פנה אלינו ונתננו לו דברי זהב או כסף והוא מסר אותם לגרמני. לאחר מכן ניתנה הוראה ע״י גרמני זה לשחרר את כולם מיד.

אחרי מקרה זה השתדלנו בכל כוחותינו להיכנס לעבוד עבודות ציבוריות. בקושי רב הצלחנו להיכנס לעבודה ביער להכנת עצים. העבודה היתה קשה מאוד. עבדנו לפי „נורמות״. אני ואחי אברהם ומלכה הירט היינו מצליחים לעשות את הכמות ואפילו למעלה מזה. אך אסתר ליבה שינדלר ועוד כמה נשים לא

יכלו בשום אופן ופנים לעשות את הכמות הנדרשת, „הנורמה". לכן היינו עוזרים להן לצאת ידי חובה. כשנגמרו העבודות הללו התפזרו כולם, כי התחילו הגרמנים לעשות „אקציות". כל אחד הסתתר כפי שהיה יכול. אותי לקח מצ׳קו אליו בתור עובד משק ז"א משרת, עבד. עבדתי בכל כוחי, אך זה לא עזר. אחרי כמה ימים בלבד הודיע לי בעל־הבית, שהוא לא יכול להעסיק אותי עוד, היות וצריכה להיות „אקציה" — ומי יודע איך זה יהיה. לכן החלטנו אני ואחי אברהם לברוח ליער. בלילה היינו ביערות ובערב רדנו לכפר לגנוב תפוחי אדמה.

## במיצר

כל הרכוש היהודי נעשה להפקר. ידענו, בערך, מי שדד את רכושנו. מדי פעם פנינו לשכנינו הקודמים, שלהם מסרנו חלק של רכושנו, וביקשנום שיחזירו לנו דברים כלשהם. בהתחלה היינו עוד מקבלים משהו, אך מאוחר יותר, כשפנה הלל פיש למצ׳קו, שלו מסר כל דברי ערך, והלבשה, וביקש חולצה אחת, ענה לו, לפיש: „לשם מה אתה צריך את זה, בין כך־וכך לא תחיה, אז בשביל מה אתה צריך חולצה?" כאלו תשובות היו מקבלים כל אלה, שהסתירו דברים אצל שכיניהם הגויים. המצב הלך ורע. אי אפשר היה בכלל לגשת למישהו מהתושבים, כי היתה סכנה להיות מוסגר לגרמנים או לידי אלה האוקראינים, שהשתדלו להיות רוצחים אכזריים יותר מאשר הגרמנים עצמם.

החורף היה קשה מאוד, לכן נאלצנו לשבת בבונקר שביער ללא אוכל. היינו רעבים מאוד. הפסדנו את כוחותינו ולא יכולנו עוד ללכת בלילות, וגם השלג הפריע. במצב קשה זה החלטנו לגשת לתושב אחד, שמו היה רומן (הרצנדשן) מקריב, אתו היינו תמיד ביחסים מצוינים. כשנכנסנו אליו לא היינו כבר דומים לבני אדם. הוא קבל אותנו יפה, נתן לנו קצת אוכל והציע שנבוא עוד פעם. ככה עשינו, אם כי פחדנו מאוד מהאיש, שיסגיר אותנו, והוא לא עשה כך. הוא פינה לנו מקום והסכים, שנעשה לו בור ברפת ושם ישבנו כל הימים, ובלילה נשלחנו על־ידי הגוי הזה להביא לו מה שהוא ראה, שאפשרי לגנוב בשבילו... בעבור זה היינו מקבלים פעם ביום אוכל וגם ידיעות מהנעשה בסביבה.

## כיליון

פעם, בחג נוצרי אחד, חזר הגוי מהכנסיה וראינו, שהוא מעוצבן מאוד. הוא שמע מהכומר מרהלוד פיטר, כי היודע אפילו על יהודי אחד ולא יגלה —

כל הכפרים מהסביבה ייהרסו על־ידי השילטונות. בין היתר גם סיפר, שהרש מנדל וולף נמצא ביער מת וקפוא; הלל פיש ברח לדולזק, ושם הרגוהו יחד עם אשתו. את יהודה וולף הרג גרמני על־יד נהר קטן בשיח ומיד התנפלו תושבים ממוחנחה על השלל ופשטו את בגדיו... יוסף וולף, שעשה לו בונקר ביער טשרענה, הביאו עליו האוקראינים גרמנים, ואחרי צעקות מבוהלות יצא יוסף מהבונקר עם אשתו ושלושת ילדיו, שהיו כולם יפים מאוד. כשראה יוסף, שהוא מוקף, זינק על גרמני בידיים ריקות ורצה לחסל אותו, אך באותו רגע קיבל כדור מרוצח אחר, שעמד מאחורי גבו של יוסף, ואז יכלו כבר לבצע הרוצחים, אשר היה ברצונם. קודם הרגו את הילדים, אחר־כך את אמם. כשירדו לבונקר היה בו מזון לקיום משפחה לשלוש שנים. באותו זמן חיסלו המרצחים גם את משפחת הירש. קודם חיסלו את הבן יצחק ובסוף ירו באם.

יהודה גיססינגר היה מוסתר אצל מלטש לורציו; משום מה מסר על כך לשילטונות קרובקי וסל, שהיה שכנם הקרוב של משפחת גיססינגר ישראל יוסף. משם הביאוהו לסמוזה. בדרך עינו אותו והרביצו בו מכות בלי סוף, וכשהביאו אותו לשוטרים האוקראינים הוא כבר ביקש שיהרגוהו, כי לא יכול לסבול עוד את היסורים. צעק ושאל מה הוא אשם בכך, שהוא נולד כיהודי. בני משפחת ר׳ אייזיק גיססינגר, תלמיד־חכם ושומר מצוות, היו מוסתרים בזמן האחרון אצל מלטש לונגין. יום אחד באו מרצחים אוקראינים, אנדריסשן יסן עם חבריו (בראש המיבצע עמד מזכיר המועצה בקראסנה זובקוביץ יוסף), הוציאו את כולם: את אייזיק, את אשתו חוה, את הבנות פייגה ואטיל ואת הבן משה־יוסף — הביאו אותם לתוך חורשת זדבורשטשה ושם התחילו בעינויים. קודם הבנות, הורידו להן את השדיים. ואחר־כך עינו את משה־יוסף, את הדוד אייזיק ואת הדודה חוה. בשעת מעשה צעקו המעונים כל־כך, עד ששמעו אותם בעיירה הסמוכה סמוז׳ה. אחר־כך הרגו אותם במכות על הראש, מכיוון שלא היה להם נשק; רק במקלות היו יכולים לבצע את הרצח הברברי והמזעזע. והיות וזה נמשך הרבה זמן והקרבנות צעקו וצעקו, עמד על־ידם הרוצח זובקוביץ וצעק: שתקו, יהודים, אני אומר לכם, שתקו...

למחרת היום בא לקראסנה הפולקסדויטש לורנץ גינטר מסמוזה, ששמע הצעקות. התחיל לשאול אנשים מה קרה. כשסופר לו, הלך לגסטפו. שם שאל: „מדוע זה השילטונות מרשים הריגות רצחניות באזרחים על־ידי האוקראינים. אם כבר, אז השילטונות בעצמם יכולים לתת הוראות ולא לעשות הפקר; הלא האוק־ראינים עלולים לעשות אותו דבר לפולקסדויטשים שבסביבה..." מיד שלחה הגיסטפו

אנשיה, באו לכפר קראסנה ולקחו אתם את המזכיר זופקוביץ ותלו אותו בעיר דרוהוביץ. בקראסנה עצמה רמזו השילטונות, כי אם להרוג, אז רק בהסכמתם... בינתיים, מענס שטיינינגר, שסבל עם משפחתו רעב, כמו יתר היהודים, הלך ומצא או קנה נבלה. כשבישל אותה ואכל ממנה, חלה ומת. הילדים מוניק ואברהמלה ברחו להרים, וכנראה, שם מצאו את סופם. את אשתו ובתו הקטנה לקחו לגיטו.

את אבי, ר' בריש שינדלר, יחד עם הדודה רחל שינדלר, לקחו, כביכול, לגיטו סקולה. לא הועילו הוכחותיו והסבריו בשפה הגרמנית, שאותה ידע על בוריה, כי הוא שירת בשעתו שבע שנים בצבא האוסטרי והיה בעל דרגה. הביאו אותם עד להר טולסט, שהוא בדרך לסקולה, ושם הרגו אותם אחד אחד.



יצחק ואברהם, בני דודי, ממשיכים ומספרים:

מאחר והגוי, שאצלו הסתתרנו, אמר לעזוב את המקום, הלכנו ממנו. שמענו, כי יש פולקסדויטש בסמוזה, גינטר לורנץ, שהוא, בעד כסף, עוזר לעבור את גבול הונגריה. כשנכנסנו לבית האיש, למרות שידע אותנו טוב מאד, הכיר אותנו בקושי. היינו מזוקנים, מלאי כינים ומלוכלכים. הוא נתן לנו אוכל הרבה והבטיח לעשות משהו למעננו. נתן לדרך עוד חצי לחם. אצלו גם נודע לנו על יהודים אחרים, כי הם עדיין חיים: שמואל פריילך ז"ל עם משפחתו, משה אייזנשטיין מטוכולקה ועוד. כשיצאנו מהבית התחלנו לחפש את הדרך על ההר בכיוון היער. היה חשוך מאוד וכל ציפור הבהילה אותנו... אף־על־פי שאכלנו אצל גינטר די הרבה, התחלנו לכרסם ממחצית הלחם, שהיה ברשותו של אברהם. כשעלינו שאלתי את אברהם, אם יש עוד מהלחם. כשענני בשלילה, לא האמנתי לו וחיפשתי בכיסיו (על כך אני מצטער עד היום)... אחרי זמן קצר התחלנו בבריחה לעבר הגבול יחד עם משפחת פריילך. בלילות הלכנו וביום ישבנו ביערות. לא פעם תעינו והלכנו שעות על גבי שעות וחזרנו לאותו מקום ממנו יצאנו... כשהגענו לנהר והיינו צריכים לחצותו סחבנו החזק את החלש. אני, כמובן, סחבתי את אחי אברהם. המים היו קרים מאוד ולא פעם נפלנו יחדיו למים. בקושי קמנו רטובים ורצוצים, אך המשכנו...

**אהרן שפר**
חיפה

# טרנווה ניז׳נה

טרנווה ניז׳נה — כפר במחוז טורקה; הוא נמשך לאורך הנהר סאן. מצד מזרח גובל הוא עם הכפר טרנווה ויז׳נה ומצד מערב עם הכפר דזבינאץ׳ גורני; מצד צפון הרים ומצד דרום הרים גבוהים בשם פולוניני, שהיוו גבול טבעי עם צ׳כוסלובקיה. האוכלוסייה היתה ברובה אוקראינית ובמיעוטה יהודית ופולנית. כל תושביה היו עובדי אדמה; היהודים עסקו, נוסף על החקלאות, גם במסחר ואילו הפולנים גם במשרות ממשלתיות, כגון, משטרה, דואר והוראה בבית הספר.

בבית הספר היו בסך־הכול ארבע כיתות, בהן למדו כל ילדי הכפר. ניהלה את בית הספר המורה הוותיקה גב׳ טורובסקה. שפת ההוראה היתה פולנית ומשנת הלימודים השנייה גם אוקראינית. הילדים היהודים למדו גם ב„חדר״. כאן למדו חומש עם רש״י, כתיבה באידיש ובגרמנית; וכך יצא, שילד יהודי בגיל שמונה למד כבר בבת אחת קריאה וכתיבה בחמש לשונות... אולם תקופת הלימודים נסתיימה בגיל 11—12, ומכאן ואילך היה על הילדים לעזור להוריהם במשק החקלאי ובעבודות הבית.

היהודים היו דתיים ואדוקים. כל ימות השבוע התפללו בבית ואילו בשבת התפללו בציבור. בית כנסת כללי לא היה, על־כן התפללו בשני „מניינים״ בבתים פרטיים, שחדר אחד בו הוקדש לתפילה בציבור. מניין אחד היה בקצה הכפר, אצל שלמה ברייאר. יהודי טוב, איכר בעל אדמות, אך עיקר גאוותו היה על ספר־התורה הגדול והיפה, אשר רכש בכספו הוא ואשר שימש לקריאה בו במניין אשר בביתו. כאן התפללו מרבית היהודים מהסביבה הקרובה וכן גם חלק מיהודי הכפר דזבינאץ׳. בנו, יוסף, היה בעל־קריאה ואילו הגבאי היה פנחס נוימן.

בצידו המזרחי של הכפר היה המניין בביתו של בנימין ברייאר, יהודי אמיד, בעל הדרת פנים ובעצמו בעל־קריאה. שכנו הקרוב היה לייבלה שרייבר, למדן גדול, ירא שמים. התיישב בכפר כחתנו של ישראל־דב פראם ועסק כל ימיו בלימוד תורה ובהרבצת תורה לילדי הכפר.

בימים הנוראים התאחדו שני המניינים יחד ו„שכרו" בעל־תפילה מהעיר או מהסביבה הקרובה. שמחה אמיתית היתה ליהודים בשמחת תורה. לאחר התפילה וההקפות בבית הכנסת עברו יהודים בשירה ובריקודים מבית יהודי אחד למשנהו, הוציאו את הטשולנט ואת היי"ש — והיה ליהודים...



גם תנועה ציונית היתה בכפר. כל בני הנעורים השתייכו לתנועת „הפועל־המזרחי". בשבתות ובחגים אחר הצהרים התאספו ושמעו הרצאה על הציונות מפי הרש"ל רנד, שהיה הפטרון של כל התנועות הציוניות בסביבה, הן משמאל והן מימין. הכול שאפו לעלות לארץ־ישראל, אך מעטים מאוד הצליחו להגיע למטרתם.



# פעדערן פליקן

א לוסטיקער אוונט אין דארף איז געווען דאס פעדערן פליקן. יעדער איד האט געהאט אסך גענז און קאטשקעס. אנהויב ווינטער פלעגט מען שעכטן די גענז — ס'פלייש געגעסן יעדן טאג און דאס שמאלץ אויסגעלאזט אויף פסח. אבער די פעדערן (און יעדער קינד, וואס האט פארלאזט די היים האט באקומען צוויי קישנס און א איבערבעט...) האט מען געדארפן פליקן, און דאס איז געווען א לאנגווייליקע ארבעט... וואס־זשע האט מען געטון? —

האט מען ארגאניזירט אן אוונט פון פעדערן פליקן. מ'האט איינגעשפאנט א פאר פערד מיט א גרויסן שליטן און דורכגעפארן לענג־אויס פונם דארף, כדי צונויפצונעמען די מיידלעך צום פעדערן פליקן. קיינער האט זיך נישט געפוילט, ווייל מ'האט שוין געוואוסט, אז ס'וועט זיין א פרייליכער אוונט... מיט די מיידלעך זענען אויך מיטגעקומען בחורים...

האבן זיך די מיידלעך אויסגעזעצט אין א רונדא; די בעל־הביתטע האט געפרעגלט לאטקעס און מכבד געווען, און די בחורים האבן געזינגען און דערציילט וויצן — און ס'איז געווען א פריילעכער אוונט. יא, נישט איין שידוך האט זיך אויסגעפירט אדאנק די דאזיקע פעדערן פליקן...

א. ש.

חיים פעלעד

# דאס רוסישע קאפיטל אין טורקא אין צווייטן וועלטקריג

## ערשטע פאניק

ווען די יידן אין טורקא האבן געפירט דיסקוסיעס: „יא קריג", „נישט קריג" — איז מען אויפגעשטאנען דעם ערשטן סעפטעמבער 1939 אינדערפרי, און דער קריג איז שוין געווען... ווער ס'האט געהאט אביסל געלט איז געלאפן קויפן פארשידענע עסנווארג. מען האט נישט געקלערט און מען האט נישט געוווּסט און מען האט נישט פאראויסגעזען וואס פאר אן אומגליק די צייט ברענגט אונז, יידן, כאטש ס'איז געווען אין שטאט גענוג שווארצזעער, וועלכע האבן געקרעכצט און געזאגט „גאט זאל העלפן..."

און באלד איז געווען די אלגעמיינע מאביליזאציע. אסך יידן זענען אוועק אין דער פוילישע ארמיי. דעם זעלבן טאג, עלף אזייגער, האט א דייטשער עראָ־פלאן באמבארדירט דעם טארטאק אויפן סטרי, און ס'זענען שוין געווען 2 יידישע קרבנות; 2 אנדערע יידישע ארבעטער זענען פארוואונדעט געווארן — און ס'איז אנטשטאנען די ערשטע פאניק אין שטאט. א טרויער האט ארומגענומען אלעמען. אין א פאר טאג שפעטער זענען אנגעקומען אפטיילונגען פון דער פוילישער ארמיי און אנגעהויבן ווייזן, ווער זיי זענען: געשלאגן די יידישע דורכגייער מיט ריטער און שטעקעלעך.

צום גליק זענען זיי נישט לאנג געווען אין שטאט, אבער די נערוועזיטעט פון דער יידישע באפעלקערונג איז שוין געוואקסן פון טאג צו טאג, ווייל די דייטשע עראפלאנען זענען געפלויגן דורך טורקא פון דער סלאוואקיי יעדע מינוט. און אין יעדער מינוט זענען געווען סיגנאל אלארמען, אז זיי פליען אן — איז מען געלאפן זיך באהאלטן און די קעלערס. די נייעסן אין שטאט זענען געגאנגען פון מויל צו מויל, אז ס'איז שלעכט, אז די דייטשן דערנענטערן זיך צו אונז מיט שנעלע טריט, און אז די פוילישע ארמיי הויבט אן צו פארלאזן טורקא. שוין אין איין טאג שפעטער גייט די פוילישע ארמיי אינגאנצן אוועק פון טורקא צוזאמען מיט א טייל פון דער פוילישע באפעלקערונג פון דעם באאמטן־שטאנד — און טורקא בלייבט אן א פארוואלטונג. דערווייל

דערוווּסט מען זיך, דאָס אַ געוויסע אָפּטיילונג פון דער פּוילישער אַרמיי האָט דערהרגעט צוויי יידן אונטער דער שטאָט — אַ ייד פון רימאַנאָוו און אַ יינגל פון ניזשני־וויסיצק, אַ געוויסער פיילער, וועלכער איז געגאַנגען פון דער ישיבה.

שווערע טעג האָבן דאַמאָלס איבערגעלעבט די יידן אין טורקאַ. אין יעדער שטוב און אין יעדען הויז איז מען נישט געשלאָפן, נאָר געהיטן די שטיבער מיט העק אין די הענט, ווייל מ׳האָט מורא געהאַט פאַר די אוקראַאינער, זיי זאָלן נישט איבערפאַלן די יידישע באַפעלקערונג. ווי עס ווייזט זיך אויס, האָבן זיי שוין געהערט, אַז קיין טורקאַ קומען די רוסן, האָבן זיי זיך אַביסל צוריקגעהאַלטן.

ערב יום־כיפור זענען פּלוצלינג אַריינגעקומען אין שטאָט אַריין די דייטשן און זענען געווען אין טורקאַ בסך־הכול 26 שעה; דער יידישער באַפעלקערונג האָבן זיי גאָרנישט געטון. ווען זיי זענען אַוועק האָבן זיך די יידן אין טורקאַ שטאַרק געפרייט און געוואַרט מיט אומגעדולט, אַז די רוסן זאָל שוין קומען וואָס שנעלער.

## די רוסן קומען

אין אַ פּאָר טאָג שפּעטער זענען טאַקע אָנגעקומען די רוסן, און די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך צוביסלעך באַרואיגט. אין זעלבן טאָג, פאַרנאַכט, איז אָנגעקומען די רוסישע קאָמאַנדאַ, און אינם צווייטן טאָג, אינדערפרי, זענען שוין אַרויסגעהאַנגען געוואָרן באַפעלן אין פאַרשידענע אָנגעלעגנהייטן: איין באַפעל איז געווען, אַז מ׳זאָל עפענען די געשעפטן, און אַז מ׳טאָר נישט נעמען קיין טייערע פּרייזן ווי אין דער פּוילישער צייט. האָבן זיך טאַקע די רוסישע סאָלדאַטן און אָפיצירן געוואָרפן אויף די געשעפטן ווי הונגעריקע וועלף און האָבן געקויפט אַלץ וואָס ס׳איז געקומען אונטער די האַנד. אין פאַרלויף פון 14 טעג האָבן זיי פּאַלשטענדיק אויסגעליידיקט די געשעפטן אויף די אַלטע פּרייזן, אין דער צייט, וואָס די זעלבע אַרטיקלען האָבן געקאָסט אין רוסלאַנד 40—60 מאָל אַזוי־פיל. אַזוי אַרום האָבן די רויטע באַפרייערס דורכגעפירט אַ לעגאַלן רויב איבער די גרעסטע מערהייט פון די טורקער יידן, און אַזוי אַרום איז די יידישע באַפעלקערונג אין טורקע שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן און פאַרבליבן אָן פּרנסה. האַנדלען האָט מען שוין נישט געטאָרט און אַרבעטן איז אין טורקאַ נישט געווען ווו: קיין פאַבריקן זענען אין טורקאַ נישט געוועזן.

## נויט און שרעק

און ווידער האבן זיך אנגערוקט אויף דער יידישער באפעלקערונג שווערע און שווארצע כמארעס. יעדער איז ארומגעגאנגען שטארק באזארגט: וואס וועט זיין?... ווו נעמט מען פרנסה?... וואס הויבט מען אן צו טון?... מען פארקויפט שוין זאכן פון דער שטוב, כדי זיך צו קאנען קויפן א שטיקל ברויט. די וויכטיקסטע לעבנסמיטלען האבן שוין סיי־ווי־סיי געפעלט: נישטא קיין צוקער, נישטא קיין מעל, קיין רייז און אנדערע לעבענסמיטלען. נאר ברויט ווערט פארקויפט, און דאס איז אויך שווער צו באקומען. מ׳מוז אויפשטיין 5 אין דער פרי אוןווארטן ביז 8 אין דער ריי, כדי צו באקומען איין קילא ברויט.

און דערווייל הויבן זיך אן ארעסטן; מען ארעסטירט יידן — קיינער ווייסט נישט פאר וואס. מען מסר׳ט, און מ׳קומט ביינאכט און מען נעמט אוועק מענטשן. אין דער קורצער צייט וואס די רויטע זענען אין טורקא האט מען שוין איינגעזעצט אזוי פיל יידן, דאס זייט טורקא שטייט זענען אזוי פיל יידן אין קרימינאל נישט געזעסן. און דערצו קומט נאך צו א זאך, וואס מען האט קיינמאל נישט געוווסט דאפון: מען שרעקט זיך... יעדער האט מורא. מ׳רעדט אין שטאט, אז מ׳טאר גארנישט רעדן... און מען שושקעט זיך יעדער אין זיין באקאנטן־קרייז, און איינער הויבט אן צו אנטלויפן פון אנדערן... און דאס איז טאקע נישט אומזיסט: ס׳האט זיך ארויסגעוויזן, דאס די ענקאוועדע פירט צווישן יידן אין שטאט א ברייטע אויספארשונג וועגן יעדן מענש באזונדער און שלעפט יעדע נאכט אויף אויספארשונגען אסך מענטשן. זיי פארשרייבן יעדן איינציקן אין אזא קארטאטעקע: ווי רייך איז ער, מיט וואס האט ער זיך באשעפטיקט, צו וועלכער פארטיי האט ער געהערט, און ווער האט אנגעפירט מיט די פארטייען אין שטאט — אלעס פרעגן זיי און פארשרייבן. מען קאן זיך שוין פארשטעלן וואס פאר א שרעק דאס האט ארויסגערופן ביי דער יידישער באפעלקערונג. דערצו האבן זיך אין שטאט אנגעהויבן עפנטלעכע פראצעסן, און אז מ׳האט זיך צו זיי צוגעקוקט, איז געווארן שווארץ אין די אויגן.

א קליינע צאל יידן האט יא געארבעט, נאר דער געהאלט איז געווען זער א קליינער, און בשום־אופן האט מען פון אים נישט געקאנט לעבן. דאס זענען געווען בעיקר די האנדווערקער, וועלכע האבן אויפגעגעבן זייערע ווערק־שטובן און געגאנגען ארבעטן אין די ארטעלן. אבער, ווי שוין געזאגט, דאס געהאלט, וואס אן ארבעטער האט באקומען פאר א מאנאט ארבעט, איז געווען

געוועזן נאר פאר א וואך לעבן. קאנט איר אייך שוין פארשטעלען, ווי די ארבעטער און האנדווערקער האבן געלעבט אין דער צייט פון דער רויטער הערשאפט.

און דערווייל האט מען געלעבט און געקרעכצט און צוגעזעהן, ווי אין א שענער נאכט האט מען צוגענומען אהיבש ביסל יידן און אוועקגעשיקט קיין סיביר. פאר וואס? — ווייל זיי זענען געווען אין דער פוילישער צייט „רייך". אלא וואס, אין טורקא איז דאך איבערהויפט נישט געווען קיין רייכע יידן; טורקא איז געווען פון די ארימסטע שטעטלעך אין פוילן; קיין איין איינציקער „רייכער" ייד אין טורקא האט זיך נישט געקאנט אויפשטעלן אפילו דאס קלענסטע פאבריקל — דאס אלץ האט נישט געשטערט צו נעמען אומשולדיקע מענטשן און ארויספירן זיי קיין סיביר. איז דאס ווייניק — האט מען אין שטאט גערעט, אז מ'וועט נאך ארויסשיקן זער אסך יידן. האבן יידן זיך איינגעפאקט קליינע פעקעלעך און אנטלאפן פון טורקא און אומגעוואלגערט זיך אין די גרעסערע שטעט. אויך די פארטיי פירער זענען אנטלאפן פון טורקא, ווייל זיי זענען געווען די ערשטע, וועלכע מ'האט געזוכט צו ארעסטירן. פון אנדערע שטעטלעך האט מען שוין צוויסן געגעבן, אז ביי זיי האט מען שוין איינגעזעצט אלע פארטיי פירער, און איבערהויפט די ציוניסטישע.

דאס אלץ האט צובראכן די יידישע באפעלקערונג און מען איז ארומגעגאנגען ווי שאטנס. יעדער האט זיך געוווּנשן, דאס ער זאל איבערלעבן די נאכט רואיק, ווייל מ'האט אין טורקא מורא געהאט נאר פאר די נאכט: די רוסן ארעסטירן ביינאכט, פארשן ביינאכט, און טוען אן מוראדיקע צרות ביים פארשן — אלץ ביינאכט. נאר, ווי געזאגט, האט מען שוין געדאנקט גאט, אז מ'איז נישט ביי די דייטשן.

אבער ווען די יידישע באפעלקערונג אין טורקא איז ארומגעגאנגען „אן קעפ" און האט זיך געפרעגט „וואס וועט זיין שפעטער" — האט זי נאך נישט געפילט און נישט פאראויסגעזעהן, וואס פאר אן אומגליק גרייט צו די דייטשע בעסטיע פארן יידישן פאלק און פאר די יידן אין טורקא.

אין יוני 1941 האט אויסגעבראכן דער קריג צווישן רוסלאנד און דייטשלאנד — און דאס יידישע אומגליק האט זיך ערשט אנגעהויבן.

י. מ. זייפערט
לאס־אנזשעלעס

# דערציילונגען פונם גרויסן אומגליק



דאס יאר 1939 איז פאר יידן בכלל שוין געווען זער אונערטרעגליך. דאס דערקוטשן און סעקירן דעם ייד אויף יעדן שריט און טריט איז געווען אין טעגליכן פראגראם פון די רעגירונגס בעאמטע, פון די גרעסטע ביז די קלענסטע, און דער אנטיסעמיטיזם איז שוין געווען אזוי גרויס, אז עס האט געקאנט פילן און פארשטיין אפילו דער נישט גרויסער פאליטיקער, נאר יעדער געוויינלעכער בשר־ודם, וואס איז נאר א ייד, דאס עס איז די העכסטע צייט צו פארלאזן דאס פארשאלטענע פוילן בכלל און גאליציען, מיט די פארגרעבטע אוקראינער, בפרט. איך אליין האב שוין אלע פארברייטונגען געמאכט אוועקצופארן קיין ארץ־ישראל, נאר צום באדויערן האט א גרויס פערזענליך אומגליק — דער פלוצימדיקער טויט פון מיין פרוי — צעשטערט מיין פלאן.

דער פויליש דייטשער קריג איז אויסגעבראכן. די דייטשע עראפלאנען זענען געפלויגן יעדן טאג איבער דעם שטעטל און געזייעט צעשטערונג און טויט. די פאניק איז געווען גרויס. אלע שעה זענען געווען פרישע אלארמען. איך פערזענליך האב זיך נישט געשראקן. נישט איינמאל האב איך געטראכט, אז א באמבע וואלט געווען אן ערלעזונג פאר מיינע ליידן; דער טויט קומט אבער נישט דאמאלס, ווען מ׳ווינשט זיך אים, און איך בין געבליבן לעבן, כדי אויסצושטייען וואס אמאל מער גרעסערע צרות און ליידן.

## דער ריקצוג

נישט לאנג האט געדויערט און די פוילישע ארמיי האט זיך גענומען צו־ריקציען און אנטלויפן; א טייל פון איר איז דורכגעגאנגען אונזער שטעטל

אויפן וועג קיין אונגארן. „אונזערע״ אוקראינער האבן פון דעם, פארשטייט זיך, קיין עגמת־נפש נישט געהאט און האבן זיך אין געהיים געגרייט. און טאקע — אזוי ווי די פאלאקן האבן ארויסגעשטעלט א פוס, האבן די אוקראינער באלד ארויסגעהאנגען זייער נאציאנאלן פאן אויף דעם ראטהויז. דערווייל, אבער, האבן זיך אומגעקערט א פופצען מאן פונם פוילישן ק.א.פ., אראפגעריסן דעם פאן און געשלאגן יעדן ווער ס׳איז געקומען אונטער די הענד מכות־רצח. ס׳זענען געווען אויך טויטע, צווישן זיי אויך דריי פרעמדע יידן. דעם אנדערען טאג זענען שוין אויך די לעצטע פאלאקן אוועק און עס האט זיך גלייך געגרינדעט א קאמיטעט פון איינהאלטן די ארדנונג, מיט וועלכן די היציגע יונגע אוקראינער האבן זיך וועניג־וואס גערעכנט. און יידן האבן איבערגעלעבט טעג פון גרויס פחד.

ערב יום־כיפור איז אריין אין שטעטל דער ערשטער דייטשער פאטראל און מיט צוויי שעה שפעטער — אן אפטיילונג פון דער דייטשער ארמיי. ביי יידן איז גלייך געווארן א דאפלטער יום־כיפור... די געוויינען זענען געווען דאפלטע... מען האט מורא געהאט צו גייען צו „כל נדרי״. דער עולם וועלכער איז יא געקומען (איך אליין בין געקומען, ווייל כ׳האב געוווינט נאנט צו דער שול) האט אין שרעק שנעל אפגעדאוונט.

אויך צומארגנס אין דער פרי, יום־כיפור, איז די שול געווען האלב־ליידיק. יונגע־לייט זענען געווען אין מיליטער און עלטערע האבן זיך צוריק־געהאלטן און געדאוונט אין פריוואטע מנינים. ביים אויסנעמען, נאך שחרית, הערנדיק, אז אין שטעטל איז רואיק, האט מען זיך דערלויבט ארויסכאפן זיך אויף דער גאס און קוק טון אויפן דייטשן מיליטער, וואס איז געשטאנען נישט ווייט פון רינגפלאץ.

דערווייל האט עולם שוין געהאט נאכצודערציילן „זאגעכצן״ פון דייטשע סאלדאטן. איין סאלדאט האט געזאלט זאגן, אז ביז איין יאר וועט זיך שוין דא נישט געפונען קיין איין ייד... אן אנדערער איז אריין אין פריזורע און דארט געטראפן זיין קאלעגע דארט זיך ראזירן. דערהערנדיק, אז דער פריזירער איז א ייד, האט ער זיך אפגעזאגט פון זיין באדינונג, זאגנדיק, אז ר׳וויל זיין האלז נישט איינשטעלן פונם יידישן ראזירמעסער... דער דייטש, וואס האט זיך יא ראזירט, זאל האבן געזאגט, אז נישט אלע דייטשן זענען אין דער זעלבער מיינונג... און די זאגעכצן זענען געווען אסך.

דערווייל האבן זיך אנגעהויבן צו פארשפרייטן עקשנותדיקע קלאנגען, אז די דייטשן גייען אוועק און אויף זייער ארט וועלן קומען די רוסן. עס האט טאקע לאנג נישט געדויערט און מען האט געזען, ווי די דייטשן קלויבן זיך אין וועג אריין. יידן האבן שוין תפילת נעילה געדאוונט לוסטיקער — צו יענער צייט זענען זיי שוין געווען אין דרויסן.

קריסטן און אוקראינער האבן ווידער זיך צוזאמענגענומען וועגן היטן די ארדנונג. יידישע קאמוניסטן ווידער האבן אויפגעהויבן דעם קאפ און שטילערהייט געמאכט הכנות אויפצונעמען די רויטע ארמיי. צו מיר, אלס שריפטמאלער, איז מען געקומען מיט רויטע לייוונטן און איך האב אין איילעניש אויפגעשריבן לאזונגען מיט גאלדענע אותיות אין פארשידענע שפראכן. „זאל לעבן די רויטע ארמיי", „זאל לעבן דער ראטנפארבאנד, דער באפרייער, דער אויסלייזער" א.א.וו. די אלע לאזונגען האט מען שפעטער אויפגעהאנגען אויף ספעציעל אויפגעשטעלטע טורעמס אין די הויפט־גאסן. פון קיין צאלן פאר מיין ארבעט איז קיין רייד נישט געווען — איך בין דאך אויך עפעס אן ארבעטער און דארף זיין אקטיוו באטייליקט אין דער גרויסער שמחה. און למען האמת — איך האב זיך טאקע געפרייט; אויך אלע יידן אין שטעטל.

## אריינמארש פון דער רויטער ארמיי

ס'איז נישט צו באשרייבן מיט וואס פאר א שמחה מען האט אויפגענומען דעם ערשטן אויטא מיט זעלנער פון דער רויטער ארמיי! דער אויסערלעכער אויסזען איז געווען א נעבעכדיקער. דאס זענען, ווייזט אויס, געווען געשולטע אגיטאטארן, ווייל אראפשפרינגנדיק פון אויטאס האבן זיי זיך באלד געשאפן רעדלעך ארום זיך און דערציילט ווי אזוי עס איז און וועט זיין ביי זיי: מיר וועלן פשוט זיין אין א גן־עדן. אין איינעקע טעג שפעטער האבן מיר שוין געהאט מיטינגען און פראפאגאנדע פילמען פון די נייע מאכט־האבער. עס האט זיך אין שטעטל געקאכט ווי אין א קעסל. אסך געוועזענע קאמוניסטן זענען יעצט געווארן מיליציאנטן מיט געווער, וואס זיי האבן באקומען צוגעטיילט. אנדערע האבן באקומען מער פירנדע ראלן.

די געוועלבער האבן אנגעהויבן צו לייזן אסך געלט. די קונים זענען געווען אממייסטן די רוסישע סאלדאטן. ס'איז פאר זיי נישט געווען קיין שלעכטע סחורה... אויך זענען זיי נישט געשטאנען אויפן מקח... און ס'האט, טאקע, נישט געדויערט קיין לאנגע צייט און די פאליצעס פון די געשעפטן זענען געווארן

ליידיק... אונזערע מענטשן, זעענדיק וואס טוט זיך און הערענדיק אז די זלאטעס וועלן אריסגעטוישט ווערן אויף רובעלס, האבן געוואלט פארווערטן דאס געלט — האבן פארשפעטיקט...

מען האט אנגעהויבן שטייען אין די רייען... ס'האט געפעלט ברויט. שפעטער אביסל האט זיך די לאגע פארבעסערט. ס'זענען ארגאניזירט געווארן ציוויל־מלוכהישע אינסטיטוציעס ווי קאאפעראטיוון פון לעבנסמיטל א. א. וו. מענטשן האבן אויך אנגעהויבן באקומען מלוכהישע אמטן. א פארגנ׳גן איז געווען ווען מ'איז אריינגעקומען אין די מלוכה־באנק. דארט זענען געזעסן 90% יידישע מיידלעך, מייסטנס פון ארימע היימען, וועלכע מ'האט קודם געשולט אין אזעלכע פארברייטונגס־קורסן. די היימישע מיליציאנטן האט מען צוביסלעך אפגעשאפט און זייער ארט האבן פארנומען רוסן. אנדערע מענטשן האבן אויך באקומען ארבעט לויט זייער בארוף און פעאיקייט. נאר געציילטע נגידים האט מען ארויסגעשיקט קיין רוסלאנד און זייער פארמעגן קאנפעסקירט. דאמאלס איז דאס געווען שרעקלעך — דערנאך האט מען זיי מקנא געווען. געשעפטן זענען געבליבן געציילטע, אויך זיי נאר ארימע שפייז געוועלבלעך. זיי האבן געקאנט קוים עקזעסטירן, ווייל מ'האט אויף זיי ארויפגעלייגט אסך שטייערן. אויך אויף האנדווערקער האט מען געלייגט אסך שטייערן, טרייבנדיק זיי אזויארום צו ארגאניזירן זיך אין ארטעלן. פארשידענע יידן האבן פארזוכט האנדלען, פארן אין דער פרעמד און ברענגען עפעס צום פארקויפן. ס'איז זיי נישט שלעכט געגאנגען אין אנהויב — נאר איינציקווייז זענען זיי אריינ־געפאלן אין קרימינאל אריין.

דאס לעבן האט זיך שפעטער נאך מער נארמאליזירט און לעבנס־מיטלען ביליקער געווארן; מ'האט אלץ געקאנט קריגן אין די קאאפעראטיוון. די סאוויעטן האבן געזארגט פאר די יוגנט און פאר די קינדער. ס'זענען געעפנט געווארן אסך קינדער גארטנס, ווו קינדער האבן זיך אויפגעהאלטן פון 8 ביז 4 נאכמיטאג. די עלטערן האבן דאדורך געקאנט רואיק ארבעטן אן שטערונג פון קינדער זארגן. אויך עלטערע האבן באקומען „פאליטישע ערציאונג", אבער פריי לעבן, יעדער איינער ווי ר'האט געוואלט, האט מען נישט געקאנט. דאס האט ארויס־גערופן א געוויסע אומצופרידנהייט פונם רעזשים. אזוי זענען דורך מער ווי אנדערטהאלבן יאר.

## דער דייטשער איבערפאל

פלוצים, אזוי ווי פון הימל אראפגעפאלן איז געקומען דער איבערפאל פונם

דייטשישן מיליטער אין יוני 1941. דעם ערשטן טאג האבן זיך נאך די רוסן בארימט, אז זיי שרעקן זיך נישט, און אז זיי האבן גענוג כח אנטקעגנצושטעלן זיך דייטשלאנד, און שוין דעם צווייטן טאג איז מען שוין אין איילעניש און צוטומלונג אנטלאפן, איבערלאזנדיק שווערע פארמעגנס און סחורות אין די ציווילע און מיליטערישע מאגאזינען. גאנצע וואגאנען מיט לייוונט, מונדירן, לעבנסמיטלען און אפילו אמוניציע — זענען פארבליבן. אסך מענטשן, דארונטער אייניקע יידן, זענען ארעסטירט געווארן; די יוגנט וועלכע איז געווען אמייסטן מיליטערפליכטיק, איז איינגעצויגן געווארן שנעל אין דער ארמיי; אסך זענען אויך גלייך מיטגעלאפן מיט די רוסן — און דאס שטעטל איז געבליבן ליידיק און פוסט. אבער פאר די איבערגעבליבענע יידן האט זיך ערשט יעצט אנגעהויבן דער אמתער גיהינום.

## די אוקראַאינער בושעווען

דאסמאל האבן זיך שוין די אוקראינער נישט געפרייט אומזיסט. זעענדיק אין וואס פאר איילעניש די רוסן האבן פארלאזט דאס שטעטל, האבן זיי זיך גלייך אריינגעריסן אין די געווער מאגאזינען און אנגענומען זיך געווער וויפיל ווער האט געוואלט. באלד האבן זיי געשאפן א מיליץ און אנגעהויבן געוועלטיקן.

געווען איז דאס אין א שבת טאג. ס'האבן זיך אנגעהויבן שיסערייען און יידן זענען שוין נישט ארויס אין גאס נאר פארמאכט זיך אין די הייזער. ס'האט זיך ארויסגעוויזן דערנאך אז דאס זענען געווען שמחה־שיסערייען און ס'איז געווארן אביסל לייכטער... אבער אויף איינמאל איז געווארן א געלויף. אויך עטלעכע יידישע יינגלעך זענען געלאפן, נייגעריק צו וויסן וואס ס'איז געשען. זיי זענען אבער באלד צוריקגעקומען און מיט דערשראקענע פנימער דערציילט, אז דאס שמעקט מיט א פאגראם אויף יידן. די אוקראינער, זוכנדיק אין די קעלערס פון די רוסישע מיליץ, האבן געפונען עטלעכע טויטע — און באלד האבן זיי פארשפרייט א קלאנג, אז דער מיליץ קעלער איז פול מיט טויטע אוקראינער, וועלכע זענען גרויזאם דערמארדעט געווארן דורך יידן. די העצע איז געוואקסן פון מינוט צו מינוט. יידן זענען געלאפן צו באקאנטע קריסטן און געבעטן זיי אריינצומישן זיך און בארואיקן די צוהיצטע אוקראינער טייל האבן זיך יא אריינגעמישט, אבער ס'האט גאנץ קנאפ געהאלפן. ס'וואלט דאן פארגעקומען א גרויסער פאגראם, ווען נישט עפעס א נס: עמיצער האט פון א בארג אראפ געגעבן עטלעכע שאסן; אין המון האט זיך פארשפרייט באלד א קלאנג, אז די רוסן גייען צוריק... באלד זענען זיי זיך צעלאפן צוריק

אין די ארומיקע דערפער; אויך די פאגראמטשיקעס, וואס זענען געווען אויפן וועג אין שטאט אריין, האבן זיך צוריק אויסגעדרייט.

די מיליץ איז ארויף מיט גרויס העלדישקייט אויפן בערגל און געוואר געווארן, אז סך־הכול האט עפעס א קליין פאסטוכל, וועלכער האט געהאט געווער, אויסגעשאסן עטלעכע מאל פאר גרויס שמחה...

דערווייל האט מען ארויסגעשלעפט די טויטע קערפערס פון קעלער. סך־הכול זענען דאס געווען פיר טויטע: בלויז איין אוקראינער, איין פאלאק, איין ייד און איין סאוויעט; טויטערהייט האבן די מתים אפגעראטעוועט דאס שטעטל פון א שרעקליכן פאגראם, וואס האט געשוועבט איבער יידנס קעפ. אויך די מאגאזינען, וואס די ערלים האבן דערווייל געראבעוועט, האבן אפגעווענדעט די אויפמערקזאמקייט אויף יידן. א גאנצן טאג זענען זיי געווען פארנומען אין די רויבערייען און כדי יידן זאלן זיך נישט ווייזן אין די גאסן, האט מען געהאלטן אין איין שיסן.

ביינאכט זענען פארגעקומען איינצלנע איבערפאלן אויף יידן, אבער מ'איז נאר אפגעקומען מיט שרעק און שאדענס; קיין קרבנות זענען נישט געווען.



ביז די דייטשן זענען אנגעקומען ממש אין שטעטל אריין, האבן אונז באזוכט פארשידענע פאטרולען. אמאל א מאדיארישער (מיט וועלכען די אוקראינער האבן זיך גאנץ קנאפ געפרייט) און אויך דייטשישע. זייער ארבעט איז באשטאנען אין פארזיגלען די רעשט איבערגעבליבענע מאגאזינען.

דערווייל האבן אנגעהויבן צוביסלעך אהיימקומען יוגנטלעכע וועלכע זענען „פארלוירן געגאנגען" פון רוסישן מיליטער, אין וועלכן זיי זענען געווען רעקרוטירט. מיט מסירות־נפש האבן זיי דאס געמאכט, ווייל גאנץ שווער איז זיי אנגעקומען צוריקצוקומען אהיים. טייל זענען שוין אנגעקומען הארט פון דער רוסישער גרענעץ. אסך זענען דורך די אוקראינער אויפן וועג דערשאסן געווארן. קומענדיק אין שטעטל אריין האבן די יונגעלייט געמיינט, אז זיי זענען שוין געראטעוועט געווארן... אלע האבן זיך שפעטער ביטער אנטוישט.

## ד י י ט ש ן

און די דייטשן האבן זיך ביסלעכווייז באזעצט אין טורקא. דער צאלגרע־ניצשוץ קאמיסאריאט אין טורקא האט אנגעהויבן וואס מער אכטונג געבן אויף

די מאגאזינען און די אוקראינער האבן זיך גענומען — צו די יידן. קודם־כל האט מען אנגעהויבן צו כאפן צו דער ארבעט, ווי קערן גאסן, רייניקן קלאזעטן און אנדערע מיאוסע און להכעיס ארבעטן, נישט זשאלעוונדיק דאביי קלעפ. אממייסטן האבן זיי געשלאגן יונגעלייט, וועלכע זענען צוריקגעקומען פון דער דייטשישער זייט, וווהין זיי זענען אין זייער צייט אנטלאפן פון די סאוויעטן. דער ערגסטער שלעגער איז געווען איינער א סאבאל, א נעפע פון טורקער גלה, וועלכער איז געווארן פאוויאטאווער קאמענדאנט פון דער אוקראינישער מיליץ. מ׳האט אויך ארעסטירט יונגעלייט, נישט וויסנדיק פארוואס און פארוועו.

נאך שרעקליכערע ידיעות זענען אנגעקומען פון אנדערע מקומות און היימישע דערפער. גאנצע משפחות — אין איינציקע דערפער נישט איבערגעלאזט קיין איין ייד — זענען דורך די אוקראינער אויסגעהרגעט געווארן אויף ברוטאלן אופן. אין טורקא גופא איז צו יענער צייט געווען א קאמענדאנט פון דער גרעניץ שוץ מיטן נאמען פידלער — און ער האט אין געוויסע פאלן אפגע־ראטעוועט יידן. די אוקראינער אין טורקא האבן, ווי אין אנדערע שטעט, פאר־אנשטאלטעט א „לויה" אויף צו „באגראבן" סטאלינען. די יידן האט מען געגעבן בילדער פיגורן און ביכער פון סטאלין זיי זאלן זיי טראגן ווי טראנס־פאראנטן. יידן מיט בערד האבן זיי צוגעבונדן רויטע מאשען און געטריבן זיי צום בית־הקברות, ווו זיי האבן געוואלט באגראבן סטאלינען צוזאמען מיט די מענטשן פון דער לויה. ס׳איז געווארן א גרויסער געוויין; ווייבער האבן געחלשט און מענער האבן געזאגט וידוי, ווייל מ׳האט שוין געהאט אזא פאל אין סטארי סאמבור. און נאר די אינטערווענץ פון דעם פידלער האט אפגעראטעוועט די יידן פון א זיכערן טויט.

אין יענער צייט איז צו מיר קיין טורקא געקומען מיין ברודער מיט פרוי, וועלכער איז ניצל געווארן פון א פאגראם אין באריסלאוו, אין וועלכן ס׳זענען אומגעקומען 500 יידישע נפשות.

## גרינדונג פון יידנראט

א פאר וואכן נאכן אנקומען פון די דייטשן האט זיך געשאפן דער יידנראט. עס האט זיי, חלילה, קיינער נישט אויסגעוויילט — נאר אזוי ווי דאס איז א קהל־אינסטיטוציע, האט זיך דער ערשטער אליין ארויסגעשטופט

דער קהלניק שוע־נחמן מיינער. ער האט צוגעצויגן זיינס א שוועסטערקינד, אויך א שוע־נחמן (ערדמאן) ווי אויך מלך וויזנער; דאס איז געווען די טראיקע, וועלכע האט באדארפן זיין די הויפטפארזארגער און פארטרעטער פונם גאנצן ביסל יידן אין טורקא. אין אלע ענינים זענען יידן געקומען אין באריירונג מיטן יידנראט. די דאזיקע טראיקע, ווי אויך דער סעקרעטאר בעריש לארבערבוים, האבן באקומען געלע ארעמבענדער מיטן אויפשריפט „יידנראט". אלס קאסירער און בוכהאלטער איז אויפגענומען געווארן ליבוש מאטעס.

די ערשטע אויפגאבע זייערע איז געווען צו נעמען געלט ביי מענטשן וויפיל ס'האט זיך נאר געלאזט, און נאכדעם האבן זיי געדארפן צושטעלן ארבעטער פאר די דייטשן און פאר די אוקראינער. און אזוי ווי ארבעטן איז א זאך וואס נישט יעדער האט דאס ליב, האבן זיך אנגעהויבן צו שטופן אין יודנראט דער גאנצער פני פונם שטעטל, און אנשטאט 5 איז די צאל אנגע־שטעלטע געוואקסן ביז 50: סעקרעטאריאט, געריכט, שטייעראמט און עקזעקוציע. שפעטער איז נאך צוגעקומען די יידישע מיליץ און פאסט. די הויפטראלען האבן אבער געשפילט די ערשטע פינף: זיי זענען געווען די געלטנעמערס, די אויסמעסטערס און די פארזארגערס. פאקטיש האבן זיי זיך קודם־כל אליין פארזארגט מיט פארמעגנס. אמת, זייער אויפגאבע איז געווארן וואס אמאל אלץ שווערער און גארנישט אנגענעם — נאר אויף דערוויל האט זיך זיי דאס גאנץ גוט געלוינט.

מיטן אנקומען פון דער דייטשער זשאנדארמעריע קיין טורקא האבן זיך פארגרעסערט די יידישע צרות און יידישע אויסגאבן. דער יידנראט איז געווען דער פאקטישער פארזארגער פון אלע דייטשן און זייערע אינסטיטוציעס. מיט דער מינדסטער קלייניגקייט איז מען געקומען צום יידנראט און ער האט געמוזט פאר זיין געלט אלץ פארזארגן. ארבעטער האט די זשאנדאמעריע אליין בא־שעפטיקט טעגליך 20 — מויערס, סטאלארעס, בלעכערס, מאלער און שווארצ־ארבעטער. דער יידנראט האט עס געדארפן צאלן, נאר ער האט עס נישט געטון. אויב ס'האט זיך ווער ארויסגעשטעלט און נישט געוואלט ארבעטן אן געלט — האט מען אים פשוט פארמסרט און ער האט שוין באקומען זיינע 25 שמיץ אויפן נאקעטן קערפער. ווער שמועסט, אז ס'זענען געקומען צו גאסט די געסטאפא — האט מען געצאפט געלט און גאלד ביים עולם. אין די גרעסטע הונגערצייטן האט מען באשטייערט יעדן צו 2—3 קילאגראם ברויט א חודש. צוקער האט מען איבערהויפט נישט געטיילט, נאר פארקויפט פאר טייער געלט,

מיטן אויסרייד, אז דער יידנראט באדארף געלט. דער סוף פון די אלע יידנראטלער מיט זייערע פארמעגנס איז אבער נישט געווען קיין אנדערער ווי פון אלע יידן.



ראש השנה איז דאס געווען ווען די ערשטע זשאנדאמעריע איז אנגעקומען רייטנדיק קיין טורקא. שוין צומארגנס האבן זיי אומעטום געמאכט רעוויזיעס און איבערגעדרייט די בוידעמס מיט די קעלערס. און אסך פאלן האבן זיי טאקע מצליח געווען. זיי האבן אוועק גענומען פארשידענע סחורות, קליידער, לעבנסמיטל — פאר זיי האט נישט עקזעסטירט קיין כשרע זאך; אלץ איז געווען טריפה.

עס הויבן זיך אן פארשידענע גזירות; אלץ ווערט פארבאטן פאר יידן: פלייש, פוטער, תבואה. דאן די גזירה וועגן טראגן די פארשריפטליכע ארמבענדער פון ווייסע לייוואנד מיט בלויע מגן־דודס. די אוקראינישע מיליץ האט זיך דאביי שטארק אויסגעצייכנט ביים אפהיטן די גזירה. נישט איינמאל האט מען ארעסטירט א ייד אן אן ארעמבאנד, שטייענדיק ביי זיין אייגענער טיר.

דאס ארבעטסאמט, וואס האט זיך באלד געגרינדעט, האט געהאט אן אויסנשטעלע ביים יידנראט. ער האט יעדן פארזארגט מיט סטאבילע ארבעט אן לוין. וועגן ברויט איז געווארן וואס אמאל ערגער, ווייל די זשאנדאמעריע האט אנגעהויבן שטארק צוהיטן, דאס די קריסטן זאלן נישט ברענגען אין שטאט אריין קיין צופיר; וועמען מ'האט געטראפן — האט מען עס אים גלייך אוועקגענומען. מען האט אין גאס — שפעטער אויך אין שטובן — רעווידירט דאס קלענסטע פעקל און צוגענומען אפילו 2—3 קילא קארטאפל אדער האבער — די הויפטערנערונג אין שטעטל.

דער הונגער איז געווארן וואס אמאל גרעסער. מענטשן האבן אנגעהויבן געשוואלן ווערן און שטארבן. בעלי־בתישע מענטשן פלעגן זיך לאזן באין־ברירה און די הייזער און בעטן עפעס צו עסן. א ביסל קלייען איז געווען די בעסטע אונטערשטיצונג, וואס א מענטש האט געקאנט בעטן. די פאלקס־קיך, וועלכע דער יידנראט האט געגרינדעט האט אפילו אויסגעטיילט פאר 200 מענטשן טעגליך אביסל זופ — פאקטיש אביסל שמוציק וואסער — וואס האט נאר פארלענגערט דיליידן פון די הונגעריקע אויף נאך אפאר טעג.

און דער זעלבער צייט האבן זיך באוויזן מודעות אין יידנראט, דאס בויאונטערנעמונגען זוכן ארבעטער, וועלכע וועלן באקומען באצאלט און אויך

א האלב ברויט טעגליך — מענטשן, וועלכע האבן זיך געפילט אין כוח, אדער קוים געפילט זיך אין כוח, האבן זיך געווענדעט צו דער ארבעט פון ווידעראויפבוי פון צעשטערטע באנבריקן א.א.וו. עס איז פונקט אויסגעקומען אום ווינטערצייט און מענטשן האבן מייסטנס נישט געהאט קיין ווארעמע בגדים, ווייל זיי האבן שוין לאנג געהאט אויסגעביטן אויף א ביסל האבערמעל. זענען זיי געגאנגען צו דער ארבעט אין לייכטע זומער בגדים. און שווער איז געווען די ארבעט און געדויערט טעגליך 12 שעה. די ערשטע פאר טאג האט מען באקומען צו האלבע ברייטלעך, נאר זעענדיק, אז ס׳מעלדן זיך וואס מער מענטשן, האט מען די העלפט ברויט אפגעריסן...

געארבעט האט מען זער שווער; געטראגן אייזערנע ליניעס, די גרעסטע בעלקעס און זעקלעך צעמענט, אנגעשטרענקט דאס לעצטע ביסל כוח — און וואס אמאל ווערן די מענטשן אלץ שוואכער און שוואכער ביי דער ארבעט און פאלן אונטער די שווערע משאות. די משגיחים גלויבן נישט, אז מ׳האט נישט קיין כוח און שרייען, אז מ׳וויל נישט ארבעטן... יעדן טאג גייען אנדערע אהיים צושלאגענע. איבערלאזן די ארבעט האט מען שוין נישט געקאנט, ווייל די אוקראינישע מיליץ האט שוין געוווסט ווי אזוי צו צווינגען צוריקצוקומען צו דער ארבעט. מען האט אויך געדראט מיט געסטאפא.

און אין שטעטל גופא האט מען זיך אויך אנגענומען געגנוג שרעק. אלע טאג זענען געקומען אנדערע מלאכי־חבלה: אמאל די ס.ס., אמאל די א.ס. און אמאל סתם ציווילע דייטשן, וועלכע זענען געגאנגען פון שטוב צו שטוב צונעמענדיק אלץ, וואס זיי געפעלט.

יידן האבן נאך אלץ געלעבט אין האפנונג, דאס די ישועה וועט קומען. מען האט עפעס גערעדט וועגן א באזונדערע הילף פאר אונזער שטעטל, דאמיט וואס דאס וועט איבערגעגעבן ווערן די מאדיארן; אבער ס׳איז גארנישט ארויסגעקומען.

## די גרויסע בהלה אדער די ערשטע אקציע

דעם 6טן יאנואר 1942, זיבצען טאג אין חודש טבת איז געשען דאס, וואס מ׳האט ביז איצט נאר געהערט פון אנדערע שטעט. מיטאגצייט זענען אנגעקומען 4 געסטאפא־לייט און שוין ארום 3 אזייגער איז געווארן א בהלה און א געלויף פון די אוקראינישע מיליציאנטן, וועלכע האבן זיך ווי ווילדע

**חיות געווארפן אויף זייערע קרבנות. און אנגעהויבן האט זיך דאס פון אלע עקן שטאט צוזאמען — צו כאפן מענטשן פון די גאסן און פון די הייזער און צוזאמענגעטריבן זיי אין דער מיליץ, ווו מ'האט זיי געשלאגן און געהרגעט. ס'איז נישט געווען קיין משפחה, וועמען דאס אומגליק האט נישט געטראפן. דאס כאפן האט געדויערט אויך צומארגנס.**

**אייניקע יונגעלייט האבן זיך ביינאכט געראטעוועט אראפשפרינגנדיק פונם ערשטן שטאק אויפן אייז פונם טייכל, וואס פליסט נעבן דער מיליצגעביידע. עס וואלטן זיך געראטעוועט פיל מער, נאר דער יידנראט האט פארפירט. גראד דאמאלס איז אנגעקומען מלך וויזנער און האט פארזיכערט, דאס יונגע מענטשן וועט מען באשטימט ארויסלאזן און זיי האבן נישט וואס מורא צו האבן...**



ר׳ אברהם, דער גבאי פון וואניוויטשער רבי׳ן.
הגבאי של הרבי מוואניוביץ.

און אזוי זענען זיי געבליבןביים צוזאג — און געשטארבן גלייך מיט די אנדערע. פון די גערעטעוועטע איז מען געוואר געווארן וויאזוי מען האט יעדן מערדערלעך געשלאגן און וואס פאר עינויים קשים זענען אויסגעשטאנען די פרומע יידן און איבערהויפט דעם וואניוויטשער רבי. מען האט דערציילט, דאס בשעת די רוצחים האבן אים מערדערלעך געשלאגן האט ער זיך קיין קרום נישט געטון, נאר געהאלטן אין איין זאגן און זאגן. זיי האבן זיך מיט אים גערייצט, אז אויב ער איז א געטליכער מאן, טא זאל ער זיך העלפן...

דעם אנדערן טאג זענען געווען אין באטריב אלע לאסט וואגנס וואס זענען נאר געווען אין טורקא. זיי האבן אוועקגעפירט די אומגליקליכע פון דער מיליץ־געביידע ווייט ארויס אונטער דער שטאט נאך דער צעגעלניע, ווו ס'זענען שוין מיט אפאר טאג פריער געווען צוגעגרייט גרויסע קברים. און נאכדעם ווי מ'האט פון די קרבנות אראפגעצויגן די בגדים האט מען זיי מיט א מאשין געווער אויסגעשאסן, אריינגעווארפנדיק איינעם אויפן אנדערן, טייל נאך אין לעבעדיקן צושטאנד — און אזוי פארשיט. די מענטשן, מיט וועלכע מ'האט זיך דעם טאג נישט אפגעפערטיגט, האט מען מיט די אויטאס צוריקגעפירט אין ארעסט און ערשט פרייטיק זיי דערשאסן. פון מיין מאמען האבן מיר אפגענומען א גרוס אז זי האט נאך פרייטיק געלעבט. דעם גרוס האט אונז אפגעגעבן דער מאמעס ברודערס א שנור שרה־ניסטל, וועלכער איז געלונגען, שוין אן אויסגעטוענע, נישט ווייט פונם קבר צו אנטלויפן.

און א באפעל איז געגעבן געווארן, דאס קיינער טאר זיך ניט וואגן צו גייען צו די מאסן קברים, ווו די קדושים ליגן. און מען האט אנגעהויבן האפן, אז מיט דעם אומגליק האט זיך געענדיקט און די שטאט וועט שוין האבן אפגעקומען... אבער, צום באדויערן, איז דאס נאר געווען אן אנפאנג.

יעדעס מאל ווי דער קרייזהויפטמאן איז געקומען קיין טורקא האט ער מיט זיך מיטגעברענגט א נייע גזירה. אויך פאר דער בהלה האט ער אונז באערט מיט א באזוך און יידן, הערנדיק אז דער קרייזהויפטמאן איז דא, האבן זיי זיך שוין צוריקגעהאלטן פון באווייזן זיך אין גאס און שוין ערווארט א נייע צרה. אויב זי איז צופעליק נישט געקומען, איז מען געווען גליקליך אבער זיינע באזוכן זענען געווען גאנץ אפטע — און אט איז ער שוין ווידער דא! יעצט דארפן זיך יידן ווידער רעגיסטרירן, און אין אפאר טאג שפעטער די גזירה — אן אונטערשיד פון געשלעכט דארף זיך יעדער ייד אפשערן גאנץ קורץ דעם קאפ און בערד און פיאות. מענטשן הויבן זיך אן צו באגעגנען אין גאס און מען דערקאנט זיך נישט איינער דעם צווייטן...

אין צוויי־דריי חדשים ארום — א נייע גזירה: מענטשן, וועלכע האבן נישט קיין סטאבילע ארבעטס לעגיטימאציעס, פון 17 יאר אן, מוזן זיך מעלדן צו א ספעציעלער קאמיסיע, וועלכע וועט נאכקאנטראלירן דעם געזונד־צושטאנד פון יעדן וועגן ארבעטס צוועקן. מענטשן האבן זיך געמאלדן און 50 פון זיי האט מען גלייך אוועקגעשיקט קיין סינאוויצק. דארט האבן זיי געארבעט ביי באנבריקנבוי. עס הויבן אן צו קומען בריוו פון דארט אין וועלכע זיי שילדערן זייער שרעקליכן מצב אין וועלכן זיי געפונען זיך. די ארבעט איז זער א שווערע, אונטער מערדערלעכע אויפזעער און די הויפטזאך: מען קריגט נישט צו עסן. זייער לאגע איז פארצווייפלט און זיי בעטן הילף פון יידנראט. ס׳איז געגרינדעט געווארן א קאמיסיע וואס האט פאר געזאמלטן געלט אוועקגעפירט זיי פון צייט־צו־צייט ברויט. ס׳האט זיך דערנאך ארויסגעוויזן, אז נאר א טייל ברויט איז איבערגעגעבן געווארן. טייל זענען מיט מסירות־נפש דערטלאפן פון דארט און צוריקגעקומען קיין טורקא, אנדערע זענען דארט געשוואלן געווארן פון הונגער און דארט געשטארבן; א טייל זענען פון מערדער אויפזעער דערמארדעט געווארן. א דערטלאפענער פון דארט האט דערציילט, אז אן אויפזעער האט אראפגעווארפן פון א בריק אין וואסער אריין דעם סטאלער שלמה־בינדער; זעענדיק, אז ער ראטשקעט זיך נאך צום ברעג איז דער אויפזעער ארונטער און האט צום רעשט דערשלאגן צום טויט.

## די זונטיקדיקע אקציע

אן ערך 6 חדשים זענען אוועק פון צייט דער ערשטער בהלה ביז ס׳זענען אין א שענעם זומערדיקן זונטיק אומגערעכט א קום געטון צוויי אויטאס מיט געסטאפאס און באלד אנגעהויבן כאפן מענטשן פון די גאסן און הויזער — יונגע און אלטע און קינדער — 150 צוזאמען. די איינצלנע פאקטן זענען שוידערהאפטע. יוסף בירנבערג, א פריזער, איז ארויסגעגאנגען פון דער מיליץ, ווו ער האט באדינט עטלעכע אוקראינישע מערדער פאליציאנטן. אויף דער שוועל האט מען אים דערלאנגט מיט א שווערן געגנשטאנד אין קאפ און א פארטויבטן אריינגעווארפן אין לאסטאויטא, ווו ס׳זענען שוין געליגן נאך אנדערע קרבנות. אויפן זעלבן אופן זענען כמעט אלע קרבנות פון דער דאזיקער אקציע געכאפט געווארן. ביי דער דאזיקער אקציע האט מען אויך געכאפט בעריש לארבערבוים, דעם סעקרעטאר פון יידנראט און אנשל גאלדבערג, א מיליציאנט, און דאס ערשטע מאל — אויך קליינע קינדער.

כ׳וואלט זיך קיינמאל נישט געקאנט פארשטעלן וויפל צער האט פאר־שאפן דער פארבאט נישט צו דאווענען אין די בתי מדרשים אויך אויף נישט־רעליגיעזע מענטשן, אויף אזעלכע, וועלכע האבן קיינמאל נישט געדאוונט. אפשר איז דאס געווען דערפאר, וואס מיט איינמאל זענען פאריתומט געווארן אזוי פיל יידישע קינדער און ס׳איז נישט געווען קיין ארט, ווו צו זאגן קדיש? שפעטער איז געקומען דער באפעל אויסצולײדיקן דאס מעבל פון די בתי מדרשים. וועגן דעם האט מען פארשידענס גערעדט: מ׳האט אנגעוויזן, אז אין א געוויסע שטאט האט מען צונויפגענומען דאס ביסל יידן אין בתי מדרשים און זיי פארברענט.

און ווידער און ווידער קומט דער קרייזהויפטמאן — און יעדעס מאל נייע גזירות. פון דער ערשטער אקציע ביז דער צווייטער האט געדויערט 6 מאנאטן, אבער יעצט גייען גזירות נאך גזירות. מענטשן האבן אנגעהויבן אנטלויפן וואלגערן זיך אין קעלערס, בוידעמער און פוסטע פלעצער. מעט האט געבויט סכראנעס, וועלכע זענען אממייסטנס אנדעקט געווארן און טיילמאל זענען דאך דורך זיי יידן אפגעראטעוועט געווארן אויף דערווייל.

און אט קלעבט מען שוין פלאקאטן, אין וועלכע מ׳איז גוזר, אז אלע יידן, וועלכע וווינען אין די דערפער מוזן גלייך פארלאזן זיי און אריבערגייען אין שטאט. און עס הויבן אן אנקומען די דארפסלייט. ווייבער, קינדער און אלטע — די יונגערע, וועלכע זענען געווען באזארגט מיט ארבעטס לעגיטימאציעס אויף סטאבילע ארבעט, האט מען דערווייל געלאזט צורו. די וואנדערונג האט געדויערט אייניקע טעג. אסך מענטשן האבן איצט באלאגערט דעם ארבעטסאמט פון יידנראט, כדי ארויסצובאקומען ארבעטס לעגיטימאציעס; זיי האבן זיך אבער גאנץ שנעל ארויסגעוויזן פאר ווערטלאז.

## די גרויסע אקציע

4־טער אויגוסט 1942. דאס כאפעריי האט זיך אנגעהויבן באלד אין דערפרי. דערוואקסענע זענען שוין געווען וואך. דערהערענדיק דאס אומגליק האבן זיך אויך די קינדער אויפגעכאפט און אלע, כמעט נישט אנגעטון, זענען מיר אין גרויס איילעניש ארויף אויפן בוידעם, ווו כ׳האב געהאט צוגעגרייט א שטיקל סכראנע; באוויזן צו פארשליסן. אין א פאר מינוט ארום הערן מיר די שטימען פון יידישע מיליציאנטן, וועלכע שרייען אריין אין אלע הייזער: אלע יידן

מוזן ביז א שעה זיין ביים צוג; יעדער מעג מיטנעמען 25 קילאגראם; עס איז אן אלגעמיינע איבערזידלונג. אין א פאר מינוט שפעטער הער איך די מיר גוט באקאנטע שטים פונם זשאנדארם שלאמילך, שטעלפארטרעטענדער פאסטנפירער, באקאנט מיט זיין אומבארחמנותדיקן שלאגן. ער שרייט: אלע יידן מוזן אין פארלויף א האלבע שטונדע גייען צום צוג; ווער ס׳וועט נישט גייען וועט גלייך דערשאסן ווערן. עס הויבט זיך אן א גערודער אין אונזער געסל... איך קוק דורך א שפארע און זע, אז מ׳גייט... גרויס און קליין, אלט און יונג... גאנצע משפחות...

כ׳פארשטיי אז ס׳זענען דאך געבליבן עטלעכע שכנים. ס׳דערהערן זיך ווידער געשרייען פון יידישע מיליציאנטן אין דער באגלייטונג פון געסטאפא. ס׳הערן זיך אלץ איבערחזרנדע שאסן און די באוועגונג ווערט גרעסער... ס׳געדויערט אזוי א דריי־פיר שעה און נאכדעם ווערט יעדעס מאל רוהיקער און רוהיקער... אויפן בוידעם איז הייס און מ׳שוויצט פון היץ און פון פחד. מיין שוועגערין, הערנדיק אז ס׳איז געווארן שטיל, הויבט זי אן מורא צו האבן. זי טענהט, אז זי וויל נאך יעצט אויך גייען צום צוג און וויל נישט דא דערשאסן ווערן. נאר איך בין ענטשידן צו שטארבן דא אויפן בוידעם פון הונגער איידער ערגעץ אין א לאגער.

ארום צוויי א זייגער זעען מיר שוין פון בוידעם, ווי יידנראטער און אנדערע אנגעשטעלטע הויבן שוין אן צו פירן דאס יידישע פארמעגנס און מען לאדעט דאס אפ אין די בתי מדרשים און שול. מעבל, בעטגעוואנד און בגדים. זייגער דריי הערן מיר דעם צוג אפפארן. באלד הערן מיר ווי די פורן פארן צו אין אונזער גאס און זעען שוין, ווי מ׳לאדעט זיי אן מיטן גאנצן ביסל ארעמקייט פון די שכנותדיקע הייזער. אזוי רייסט מען אויף איין הויז נאכן אנדערן און מ׳שטייט שוין נעבן אונז. ביי מיר איז נאך אלץ געווען פארהאקט דער טויער, נאר די יידן וועלכע האבן געהאלפן אויפלאדן האבן שוין געוווסט, אז מיר זענען דא: איך האב אפגעפאסט א מאמענט ווען די גויעשע בעל־עגלהס זענען נישט געווען און זיי צוויסן געטון. די יידן האבן דערוו־ייל, ווי ווייט מעגלעך, אויסגעמיטן מיין הויז — אבער מער איז עס נישט געגאנגען. איך מיט מיין ברודער יהודה האבן מיר געעפנט דעם טויער און מיר זענען כלומרשט די העלפער אויפצולאדן דאס מעבל. ביי די געלעגנהייט זענען מיר ארויף אין אונזער וווינונג, זיך אנגעטון און גענומען פאר די קינדער עפעס צום אנטון. אזוי ווי מיר האבן געעפנט די וווינונג, זענען

אונז נאכגעלאפן דריי שקצים און ביי אונז אוועקגערויבט 2 אנצוגן, א פאר שטיװל און א פאר שיך.

א גאנצן טאג און א גאנצע נאכט האבן מיר פארברענגט זיצנדיק אין באהאלטעניש. צומארגנס זענען מיר געוואר געווארן, דאס ס׳זענען דא אסך געשאסענע מענטשן. די וועלכע האבן געהאט לעגיטימאציעס פון דער שטיינברוך זשאנדאמעריע האט מען באפרייט פונם צוג און זיי האבן עס דערציילט די שרעקלעכע סצענעס, וואס האבן זיך אפגעטון ביים צוג, וואס זייערע אויגן האבן דאס צוגעזען.

שוין גייענדיק צום צוג האט מען אן ערך הונדערט מענטשן, עלטערע און קינדער, אויפן וועג דערשאסן. ביי דער סטאציע האט מען יעדן צוגעקומען די פעקלעך און דאביי געשלאגן מכות־רצח. געסטאפאס און מיליטער זענען געפארן אין אויטאס און אויך די גאנצע זשאנדאמעריע און אוקראאינישע מיליץ האט אנטיילגענומען אין דער אקציע.

אויך צומארגנס מיטוואך און אויך דאנערשטיק זענען אונטערגעשיקט געווארן קלענערע טראנספארטן מיט מענטשן. אלס גוטער מערדער האט זיך אויסגעצייכנט דער זשאנדארם יעסקי, וועלכער האט אליין געשאסן 50 מענטשן. צוריק קומענדיק אויפן פאסטן האט ער געזאגט צו אברהם קלייסט, וועלכער האט סטאביל געארבעט ביי די זשאנדאמעריע פערד און האט אים גוט געקאנט: „גיי אהיים, איך האב געשאסן דיין פרוי און קינד און אויך די אנדערע, וועלכע זענען מיט זיי געווען באהאלטן". אהייקומענדיק האט ער זיך איבערצייגט, דאס דער מערדער האט אים נישט אפגענארט... אויך דער זשאנדארם שלאמילך האט זיך אפגעדאנקט זיין פריזער ווילויש, ווי אויך דעם אייגנטימער פון די פריזורע און די שטענדיקע מאניקוריסטן פריידע ווייכער — פאר זייער גוטער באדינונג; ער אליין האט זיי אפגעפירט צום צווייטן טראנספארט...

ביי דער דאזיקער אקציע האט מען אוועקגענומען צוויי טויזנט נפשות.

אין א פאר וואכן ארום האט מען גענומען פונאנדערטיילן די זאכן און מעבל וואס זענען אנגעזאמלט געווארן אין די בתי מדרשים. קודם האט מען אויסגעקליבן די בעסטע זאכן און אוועקגעגעבן די רייכסדייטשן. נאכהער האט מען געטיילט די פאלקסדייטשן און צום לעצט האט מען געמאכט ליציטאציעס. ס׳זענען זיך אנגעלאפן טויזנטער גויים פון שטאט און דארף און גענומען אלץ פאסט אומזיסט.

## דער קאנטיגענט

צוויי וואכן נאך דער גרויסער אקציע איז געקומען א בעפעל פון נייער רעגיסטראציע; באלד נאכדעם א נייע גזירה — צוצושטעלן 100 מענטשן. דאס מאל האט מען זיך באדינט בלויז מיט יידישע מיליציאנטן. מען קאן זיך פארשטעלן, וואס פאר א טעם דאס איז, ווען איין ייד באדארף דעם אנדערן אויסליפערן צום שונא צו א זיכערן טויט. יידישע מיליציאנטן האבן זיך דאך נישט אפגעזאגט פון דער דאזיקער ארבעט און געכאפט מענטשן און איבער־געשיקט קיין סאמבאר.

דער קאנטיגענט איז צוגעשטעלט געווארן און דאס סיסטעמאטישע אויסראטן די יידן הערט נישט אויף. אין א פאר טאג שפעטער, פרייטיק 12 אזייגער ביינאכט, קלאפט מען ווייטער אין דער טיר. איך הער, מען רעדט יידיש. איך הער א פרויענשטימע ווי זי בעט זיך רחמים מ׳זאל איר אפלאזן. דאס וויינען הערט אויף און כ׳הער, אז מ׳קלאפט ביי אנדערע שכנים... אין דערפרי ווער איך געוואר, אז ביינאכט איז געווען א „קליינע" אקציע — מ׳האט בלויז געכאפט עטלעכע און זעכציק מענטשן. דאסמאל האבן עס געמאכט די פוילישע קרימינאל־פאליציי, וועלכע זענען געגאנגען לויט א ליסטע אויסגע־שטעלט פונם יידנראט און נאר צוהילפגענומען יידישע מיליציאנטן. מען האט נאכדעם דערציילט, דאס איין פוילישער קרימינאל פאליציסט, וועלכער האט ווייזט אויס, נישט גערן אויסגעפירט די פונקציע פון צוזאמענכאפן אומשולדיקע מענטשן צום דערשיסן — זאל זיך האבן אויסגעדריקט: „פארוואס זאל מען אייך יידן נישט הרגנען, אז איר לאזט זיך אויסקוילן ווי שעפעלעך, אן יעדן ווידערשטאנד".

נייע גזירות: מ׳זאל מאכן אבאזונדערע דזשעלניצע (קווארטאל) פאר יידן. אבער אין צווישן שמועסט מען שוין ווייטער: מ׳פערלאנגט שוין ווידער פון יידנראט צוצושטעלן קיין סאמבאר א פאר הונדערט מענטשן, וועלכע האבן נישט קיין ארבעטסלעגיטימאציע. און דאס איז, בעיקר, א גזירה פאר פרויען און קינדער... און איין גזירה יאגט די אנדערע: מ׳שמועסט שוין וועגן „יודן־ריין".

## די שבתדיקע אקציע

האלב זעקס אין דער פרי איז מיין ברודער אוועק צו דער ארבעט אין שטיינברוך, ווו ס׳איז לעצטנס געווען פאר יידן א גיהינום. ס׳איז דארט געווען

אן אינזשינער א סאדיסט, וועלכער האט אן ברחמנותדיק געשלאגן ביי דער ארבעט יידן מיט א בייטש. איך האב זיך אויך געקליבן צו גייען צו דער ארבעט און האב זיך געלאזט אראפגייען. קומט מיר אויף די טרעפ אקעגן מרים ראנד און ווארנט מיך כ׳זאל נישט גייען, ווייל נאר־וואס האבן 2 אוקראינישע מיליציאנטן אוועקגעפירט פון שטוב ארויס בערטשע מלכה ביילים (הויפטמאן) מיט זיין פרוי, וועלכע וווינט איין וואנד מיט איר. זי מיט אירע קינדער זענען זיך צעלאפן פון די שטוב איבערלאזנדיק אלץ הפקר.

כ׳האב באלד פארקלאפט דעם טויער, די שווענערין און די קינדער האבן זיך שנעל אנגעטון און צוזאמען מיט דעם ווייבל ארויף אין סכראן. איך אליין בין געבליבן אין שטוב. באלד הער איך שוין קלאפן אין די טויערן פון די שכנות׳דיקע הייזער. כ׳קוק אראפ און זע ווי די אוקראינישע מיליציאנטן פירן שוין מענטשן. ערשט 2 אזייגער זענען די מערדער צו צו מיין טויער און מיט העק אויפגעהאקט אים. איך הער ווי מ׳גייט ארויף אויף די טרעפ און דא דערזען זיי ווי דער צווייטער טויער איז פארמאכט אינוועניג; יעצט ווייסן זיי שוין זיכער, אז ס׳זענען נאך פארהאן מענטשן. און אזוי ווי כ׳בין שוין זיכער, אז ז׳וועלן אים סיי־ווי אויפרייסן, שריי איך צו זיי, אז כ׳גיי אויפמאכן. ארויס־גייענדיק באקום איך גלייך א קויל — זי פליט דורך נעבן מיין אויער. און ווי נאר כ׳עפן אויף — פאלן גלייך אריין צוויי מיליציאנטן, און פון איינעם באקום איך גלייך א פאטש, פון וועלכן די אויערן הויבן מיר אן צו קלינגען. „גיב אהער וואס דו האסט" — זאגט דער צווייטער מיליציאנט. כ׳האב געמיינט, אז כ׳וועל זיך קאנען אפקויפן — גיב אים עטלעכע הונדערט זלאטעס זיי נעמען דאס צו און הויבן יעצט אן רעכט זוכן און איבערקערן די שטוב. נאך זיי איז ארויפגעקומען א שגץ, וואס האט זיי צו מיר אונטערגעשיקט, און זיי גיבן אים דערפאר מיינס א פאר מעשטן און הויזן און אליין נעמען זיי זיך, וואס זיי געפעלט. דערנאך פרעגן זיי מיר ערשט ווו די פאמיליע. כ׳ענטפער, אז כ׳בין אליין, די אנדערע ביי דער ארבעט. אבער זיי הויבן אן צו זוכן, גייען ארויף אויפן בוידעם, דארט ווו דער סכראן איז; אבער זיי ענדעקן אים נישט.

פיר מיליציאנטן פירן מיך אפ. איך פרוביר זיך בעטן און ווייז זיי מיין ארבעטס־לעגיטימאציע; זיי נעמען איר צו און לייגן אריין אין קעשענע... דריי מיליציאנטן זענען אוועק פון מיר און דעם לעצטן האב איך געבעטן, ער זאל מיך אפלאזן. כ׳האב אים צוגעזאגט לעדער. ער איז מסכים, נאר ווייל דאס

לעדער שוין באלד; און אז שוין, ווייס איך שוין, אז ס׳איז ארויסגעווארפן, ווייל ס׳וועט זיין דאס זעלבע ווי מיטן געלט וואס כ׳האב זיי געגעבן.

ער האט מיך אפגעפירט צום מיליץ־פאסטן. און ס׳קומט אריין דער קאמענדאנט. ער דערקאנט מיך, ווייל כ׳האב פאר אים שוין נישט איינמאל געארבעט און ער איז אלעמאל געווען צופרידן. „דעם מענטש לאז אויס!" — זאגט ער צום מיליציאנט, און צו מיר זאגט ער: „אנטלויף אהיים!" איך לויף ארויס, און בין שוין א שטיק וועגס אפגעלאפן, און דער זעלבער מיליציאנט שרייט מיך נאך, אז כ׳זאל שטיין בלייבן. ער נעמט מיך ווידער און פירט מיך אוועק צו דער סטאציע, צום טראנספארט. שוין הארט ביים וואגאן טרעף איך דעם פאסטנפירער פון דער זשאנדאמעריע; איך בעט אים ווידער — ער קאן מיך אויך. באלד גיט ער א באפעל דעם מיליציאנט פרייצולאזן מיך; איך גיי אהיים.

איך גיב ארויף צו וויסן, אז כ׳בין געבליבן לעבן; מיר הערן אפגייען דעם צוג.



מיר זענען ווידער דערוויייל געראטעוועט געווארן. מיר הויבן זיך אן גרייטן פארלאזן די שטאט און געפונען א באהעלטעניש ביי א פויער אין א דערנעבנדיקן דארף.

אסתר רוטר (שיין)
ירושלים

# ילדה בסער



רק כעת, בראשית שנת 1947, מנסה אני להעלות על גבי הנייר את קורות העבר עד בואי ארצה. וקשים היו ימים אלה, ועל־כן נחרתו כה עמוק בזיכרוני. נראה לי, כי הדברים קרו רק תמול־שלשום, למרות שחלפו כבר מאז כחמש שנים. ימי ילדותי המאושרים (לפני פרוץ המלחמה), בהם הייתי עם הורי ומשפחתי היקרה — אתם נראים לי כיום כחלום טוב ומתוק, אשר חלף ואיננו עוד, ואולי גם לא היה במציאות... כל הימים האלה נראים לי כמבעד לצעיף מעורפלים ובלתי גשמיים...

## לפני פרוץ המלחמה

ימי החופש התקרבו לקיצם, ואתם החלה הציפייה להתחלת הלימודים. את כיתה א׳ סיימתי בטוב. בכיתה זו למדנו רק אידיש, ואילו בכיתה ב׳ היה עלינו להתחיל ללמוד גם רוסית. בבית נמצאו כבר הספרים החדשים באידיש וברוסית, הם היו יפים ועליזים בתמונותיהם הצבעוניות. מדי פעם הייתי ניגשת אליהם, מציצה בהם, כאומרת: בעוד כך־וכך ימים נתחיל... ופחד מסוים נדבק עלי בציפייה לאותו יום מאושר ונכסף, בו אוכל להכניס ספרים אלה סופית לילקוטי וללכת עמם לבית הספר. אכן, איך לפרש הרגשת פחד זו, שחשתי כבר אז, כי לא אזכה לכך, וכי ימים קשים ונוראים טומן לי הגורל בחובו,

## והמלחמה פרצה

ב־22 ביוני 1941 פרצה המלחמה. בהשכמת היום הופצצה העיר. הדי ההתפוצצות העירו את הורי. הם קפצו ויצאו החוצה. לעיניהם נתגלה מחזה מדהים: הצבא הרוסי נראה עוזב את העיר בחיפזון. נראה, כי היה זה כבר המאסף של הצבא הרוסי הנסוג, וכבר היה מאוחר מדי בשביל הורי ובשביל

אחרים כמוהם לעזוב את העיר ביחד עם הצבא. לו ידעו לפני כן את המצב לאשורו — ייתכן, שהיו בכל זאת נלווים אל הצבא הנסוג.

אני המשכתי לישון, ההפצצה לא העירה אותי. אני התעוררתי, ברגיל, מקרני השמש החמות של חודש יוני. ורק בהתעוררי נודע לי דבר הפצצת העיר ועזיבת הצבא הרוסי בחיפזון. התלבשתי במהירות. קשרתי לאחור את תלתלי הסוררים ורצתי החוצה. באותה תקופה גרנו בבית סבא במרכז העיר ליד השוק; הסביבה היתה יהודית בעיקרה. בחוץ ראיתי יהודים רבים המתגודדים לחבורות קטנות ומשוחחים על הנעשה. על הכביש נראו אחרוני החיילים, אשר נותרו, כדי לחסל את המיסמכים במשרדים. הורי, כמרבית יהודי העיירה לא עזבו, היה עליהם לדאוג לסבא, לסבתא ולי. לברוח עם שרידי הצבא הרוסי נראה מסוכן מדי. ולהישאר?... — נראה, כי קשה היה להעלות על הדעת, מה עומד לקרות.

## הגרמנים הגיעו העירה

יום כניסת הגרמנים לטורקה זכור לי היטב. היה זה ממש במרכז העיר, ומביתו של סבא אפשר היה לצפות ולראות היטב את הנעשה בעיר כולה. כניסתם נעשתה ברוב פאר והדר. האוקראינים קיבלו פניהם בשמחה ובפרחים; הפולנים נראו פחות עליזים. והיהודים נחבאו לבתיהם בציפייה לבאות. רחובותיה של העיר קושטו בדגלים גרמניים ובדגלם הצהוב של האוקראינים.

ולא זמן רב ניתן ליהודים לחיות באשליה באשר לעתיד; הגזירות לא איחרו לבוא. וכאשר נפתחה הרעה היא פרצה ללא הפוגה וללא אפשרות לנשום ולהתעודד. עודנו נאנקים מגזירה אחת — והנה השנייה באה, והיא קשה ואכזרית מהראשונה. תחילה פקדו על היהודים להביא את פרוותיהם, כדי לתרום למאמץ המלחמתי של הרייך. אחר־כך בא האיסור על ילדים יהודיים לבקר בבתי־הספר. כל הילדים, החל בגיל 12, אולצו לענוד את „המגן־דוד הכחול" לאות יהדותם. נאסר על היהודים למכור לגויים, ועל הגויים אסור לספק צורכי מזון ליהודים. וכך החלה המתת היהודים האיטית עוד בטרם האקציות.

בתחילה ניסו היהודים לעקוף את החוקים ככל יכולתם: עם הגויים המשיכו לנהל עסקי חליפין, כדי להשיג מעט מזון; גם אנו, הילדים, המשכנו ללמוד. אחת המורות, אשר בעבר לימדה בבית־ספרנו, אירגנה קבוצה קטנה של ילדים והמשיכה ללמדם בסתר. למדנו פולנית ואוקראינית. ותנאי הלימוד לא היו קלים: מדי שבוע החלפנו את מקום הלימוד. בשעת הלימוד עמד תמיד מישהו בחוץ ושמר עלינו. אני הייתי בין הילדים המעטים, אשר המשיכו ללמוד כך

קליין קינד. ווער ווייסט, אויב ס׳געפונט זיך נאר ווער פון די היימישע מענטשן, וועלכע זאלן ארגאניזירן און צוהעלפן דאס אנטלויפן. דער קאפ פלעגט מיר צושפאלטן ווערן טראכטנדיק; כ׳האב נישט געקאנט רוען. איך וואלט שוין געלאפן צו זיי, אבער ס׳איז א מהלך פון א דריי הונדערט קילאמעטער צו זיי. וואס טוט מען? — טראכט איך. ס׳איז שוין אפשר בעסער געווען צו שטארבן אין דער היים, גלייך מיט אלע, ווי דא, אין די סטאלינגראדע סטעפעס...

נאך א שווערן אינערלעכן קאמף, האב איך באשלאסן לויפן, לויפן — אפשר וועט מיר דאסמאל, ווי פריער, אויך געלונגען קומען צו זיי אין די ריכטיקע צייט און העלפן זיי דערטלויפן? און ס׳איז מיר טאקע געלונגען, און כ׳האב מיין ציל דערגרייכט. נאך א וואנדערן פון עטלעכע טעג, האב איך זיי שוין באגעגנט אין וועג צו א באנסטאציע... דער מאמענט פון אונזער צוריקטרעפן וועל איך קיינמאל אין לעבן נישט פארגעסן! כ׳בין שפעטער געוואר געווארן, אז דאס אנטלויפן האט ארגאניזירט חנה פורמאן, שמואל זישעס טאכטער פון באריניע — סך־הכול א מיידל קוים אכצען יאר אלט! זי האט עס געקלאפט אין אלע טירן פון די ארטיקע מאכט־ארגאנען, מ׳זאל איר העלפן עוואקואירן די פאר משפחות; די ארטיקע ארגאנען האבן דערפילט איר פארלאנג. זי אליין איז נישט אפגעטרעטן פון ארט ביז אלע זענען ארויסגעפארן; זי איז געפארן מיט דער לעצטער מאשין, אויף וועלכער מיין משפחה איז אויך געווען.

אין דרויסן איז געווען קאלט. שניי מיט רעגן. מיר זענען געזעסן אויף א פארלאזטער באנסטאציע און געווארט שעה׳ען־לאנג אויף א צוג. צוגען זענען געווען געלאדן מיט מלחמה־מכשירים. אלע צוגן זענען געגאנגען אין איין ריכטונג — סטאלינגראד. אבער קיינער האט אונז נישט געוואלט אויפנעמען, דאצו נאך מיט קליינע קינדער אין די ווינדעלעך.

נאך א שטארקן בעטן האט א סאוויעטישער אפיציר רחמנות באקומען און דערלויבט, מיר זאלן פארנעמען א שטיקל פלאץ אויף איינער פון זיינע געלאדענע אפענע פלאטפארמעס; אזוי זענען מיר אפגעפארן. כדי צו פארהיטן פון שניי און ווינטן, האב איך פון שטיקער ברעטער אויפגעשטעלט א בודע, פארהילט מיט ריטלעך און שטרוי, וואס מיר האבן דארט צוזאמענגעקליבן. און אזוי האבן מיר געטולעט און געווארעמט אונזערע קינדער; דאס עלטסטע איז דאמאלס אלט געווען 6 יאר, און דאס יונגסטע — 3 מאנאטן.

א נארמאל פארן קיין סטאלינגראד האט געדארפן געדויערן עטלעכע שעה; מיר זענען געפארן אהין פיר וואכן. מיר האבן געוואלט דורך סטאלינ־

גראד אריבער די וואלגע. פון די צווייטע זייט וואלגע איז שוין געווען א פרייער פארקער אין דער גרויסער און ברייטער רוסישער וועלט אריין. קיין סיביר, קיין קאווקאז, צום ווייטן מזרח און אויך צום מיטעלען מזרח. מיטן גאנצן פליטים־שטראם זענען מיר אריין קיין סטאלינגראד און געווארט אויף א מעגלעכקייט אריבערשווימען די וואלגע.

## די באלאגערטע שטאט

סטאלינגראד איז געווען פארפולט מיט פליטים, אז טראמווייען און אויטאס האבן נישט געקאנט דורכגיין... מענטשן האבן זיך געשטופט און געריסן, אפילו געשלאגן, איבער א ווינקעלע, ווו זיי זאלן זיך קענען אביסל פארהיטן פון די שארפע ווינטן און שנייען. אסך זענען פארפרוירן און צעקוועטשט געווארן פון זיך אליין.

נאך עטלעכע טעג פון שווערע ליידן, איז געקומען א באפעל פון דער אויבערמאכט, אז די גאנצע באפעלקערונג, אויך די פליטים, זאלן עוואקואירט ווערן; צו דעם צוועק האט די רעגירונג צוגעשטעלט שיפן מיט שיפלעך אויף דער וואלגע. א שרעקליכער כאאָס איז געווען ביים פארלאדן די שיפן. יעדער האט געוואלט וואס פריער... די קולות און געוואלדעס, דאס לויפן און שטופן־זיך — דאס אלץ האט אויסגעזען ווי א טרינקנדע שיף מיט מענטשן אין מיטן ים... ביי אזא צומישונג האבן זיך גאנצע משפחות צעשייט. אויך אונזער היימישע גרופע, מיט וועלכע מיר האבן זיך די גאנצע צייט געהאלטן צוזאמען, איז דא צושייט געווארן, און מיר האבן זיך שוין מער נישט געזען און נישט צוזאמענגעטראפן.

נאך לאנגע און שווערע חדשים וואנדערן מיט פארשידענע קאמוניקאציעס, בין איך מיט מיין משפחה אנגעקומען אין מיטל־אזיע, הארט אונטער די הימאלייען בערג. דארט האבן מיר געטראָפן אסך משפחות פון פוילן, וועלכע זענען מיט א צייט צוריק ארויסגעפירט געווארן פון פוילן דורך די סאוויעטן.

דא האבן מיר זיך געפילט זיכער, אן סכנות; מיר זענען דא פארבליבן ביז זומער 1944.

**אסתר ברנד**
קרית ביאליק

# הצלה בזכות חסידי אומות העולם

„חסידי אומות העולם יש
להם חלק לעולם הבא"
(תוס' סנהדרין י"ג)

**הרבה נכתב על השואה וכן על האוכלוסיה האנטישמית, אשר עזרה לנאצים בביצוע זממם; לעומת זאת לא סופר עדיין הרבה על חסידי אומות העולם, אשר סיכנו לא פעם חייהם, למען הציל נפש מישראל. וכאחת מניצולי השואה, חושבני, כי לא אצא ידי־חובתי, אם לא אעלה על דפי הספר הזה את גבורתה של משפחה פולנית אחת, שבביתם החם מצאתי מחסה בימי השואה.**



**היה זה בנובמבר 1942. החורף היה בעיצומו. הקור חדר לעצמות, כרגיל בטורקה, עיר ההרים. ברחוב רינק אפשר היה לפגוש בכפריים אוקראינים אחדים ליד מזחלות החורף שלהם, שבאו למכור את תוצרת אדמתם, כגון תפוחי אדמה, קמח שיפון ועוד — הכול בכמויות זעירות. לפרקים אפשר היה להבחין ביהודי, ענוד טלאי „מגן־דוד", המחליף מילים עם כפרי, הפונה, אגב, כה־וכה לראות, אם אין גרמני בסביבה. בדרך כלל נגמר המשא־ומתן ללא תוצאות, היות והאיכר דרש מחירים אסטרונומיים בעבור כל קילו תפוחי־אדמה — וזאת תמורת בגדים, כלי מטבח וכד'. היהודים, ששרדו אחרי האקציות, מתי מספר היו, כחמש מאות, שבורים בנפשם ומחוסרי אמצעים. על אי־ענידת הטלאי היה יהודי צפוי לעונש מוות. ולמרות זאת הסתכנתי והתהלכתי לא־פעם ברחובות ללא טלאי; מראי הארי היה בעזרי. אך הפעם בלכתי ברחוב, תקף אותי משום־מה פחד וענדתי על זרועי את הטלאי. ניגשתי לאחד האיכרים ושאלתיו, אם אין ברצונו לקנות מידי כלי מטבח תמורת מזון. האכר הסכים והלך אחרי עד לביתנו. הראיתי לו כל מיני סירים וצלחות. הוא התבונן בהם, אולם במקום לשאול על מחיר הציע לי... להתלוות אליו, והוא היה מוכן להחביא אותי עד סוף המלחמה. „ראיתי מודעות — אמר — לפיהן עליכם להיות מוכנים לצאת לגיטו סמבור; לנו אין ילדים בבית, ואנו רוצים לעשות מעשה טוב בעולם הזה ולהציל נשמה צעירה מהשמדה". הצעה זו הפתיעתני**

עד־מאוד. סיפרתי לאמי והיא, כמובן, הסכימה. נדברנו להיפגש ע"י „צגלניה". היה עלי להתלבש כאחת האוקראיניות, לצאת לדרך ולעצור מזחלת, אשר הוא עמד לשבת בה, ולבקש להסיעני לוויסוצקו־וישנה.



ונקל להעלות על הדימיון מה קשה היתה פרידתי מהבית ומהמשפחה. אמנם, ידוע ידענו, שבסטורקה אין כל תקווה להישאר בחיים ואין קרן אור להצלה, אך בכל זאת רצינו להיות ביחד. בכינו, התייפחנו והתנחמנו יחדיו. אמרנו בלבנו, רק אלוהים יודע, אם נזכה פעם להתראות. אחי הקטן, שלמה זכרונו לברכה, שהיה אז בן עשר ביקש והתחנן להצטרף אלי. הוא נרגע רק לאחר שהסברתי לו, כי הוא גבר יחידי במשפחה וכי עליו לשמור על כולם. בליווי חברתי הניה שרייבר — אשר התגוררה אצלנו לאחר מות משפחתה — עזבתי את הבית ויצאתי לדרך. הוכרחנו לעבור את הנהר, וזאת מפחד הגרמנים, שנהגו לשוט על הגשר. הכביש הובילנו למקום המיפגש. מרחוק ראיתי את המזחלת מתקרבת. בהרמת יד אותתי לעצור, וביקשתי מבעל המזחלת להסיעני לוויסוצקו־וישנה תמורת תשלום. האוקראיני נאות לבקשתי. התיישבתי והספתי אחורנית מבט על חברתי הניה, אשר התרחקה בכיוון הבית לבשר את יציאתי לאמי.

ישבו במזחלת: קצין משטרה אוקראינית, שהיה גם בעל המזחלת; הפולני, שבביתו עתידה הייתי לשהות במשך תקופת המלחמה, וכן אוקראינית זקנה. האישה סיפרה בבכי, ש„פולקס־דויטשן" עשו חיפוש אצלה ונטלו ממנה את כל החפצים, אשר קנתה אצל היהודים. אותו דבר סיפר גם הפולני — וכך נודע לי, שכל כלי המטבח ושמיכות הפוך, אשר אמי נתנה לו, הוחרמו על־ידי ה„פולקס־דויטשן". תוך כדי הנסיעה חפץ האוקראיני לשוחח אתי גרמנית, בהתפארו, שהספיק ללמוד את השפה בתוקף תפקידו. העמדתי פנים, שאינני מבינה אף מלה אחת, והוא תרגם לי דברים לאוקראינית. כל העניין נראה לי כבדיחה ספוגת צער.

עברנו על פני כפר בוריניה ועל פני משטרתה האוקראינית, אולם איש לא יצא לקראתנו. הגענו גם לוויסוצקו נישני — וגם כאן לא עצרו אותנו; השתוממנו כולנו. הקצין האוקראיני סיפר, כי לפני ימים מספר מצאה המשטרה במקום זה יהודיה, שהוחבאה בארון, שהובל בעגלתו של כפרי אחד; היהודיה הולקתה באכזריות ולאחר־מכן נמסרה למשטרה הגרמנית. כמובן, גם הכפרי

קיבל את עונשו. „מעניין הדבר — המשיך הקצין — עתה כשאין בינינו יהודיה, אין עורכים חיפוש". הכול פרצו בצחוק, צחקו וליגלגו. גם אני נתתי את קולי בצחוק, אולם בקרבי פנימה בכיתי מר, כדברי הנביא „במסתרים תבכה נפשי". חשבתי, מה אומלל עמנו, איכה היינו ללעג ולקלס — הבאמת כבד עווננו מנשוא?! עצבות אפפתני ורוח דיכאון ירדה עלי, אולם חיש־מהר התאוששתי והמשכתי לצחוק... זכרתי את אמרתו של החכם מכל אדם — „עת לבכות ועת לשחוק"... והמשכנו לנסוע, כשמשוחחים וצוחקים אנו.

פתאום הרגשתי בעיטה קלה של רגל הפולני; הבנתי, כי כאן עלי לרדת... שילמתי לאוקראיני 4 זלוטים וירדתי. גם הפולני ירד ו„הציע" לי באדיבות את ליוויו, בשל החשכה. „הסכמתי" — ולאחר חצי שעה של הליכה מייגעת בשלג עמוק הגענו לביתו. היה זה בית כפרי טיפוסי. בחלקו האחד גרו הוריו ושלוש אחיותיו — והמה לא ידעו על בואי ועל נוכחותי בבית עד השיחרור! — ובחלק השני גר הוא ואשתו. בראותה אותי הביעה אשתו את שמחתה וקיבלתני בחמימות. הגישה לי ארוחת ערב, והציעה את המיטה. היה זה לילי הראשון בבית, אשר ביליתי בו קרוב לשנתיים.



המנסרה ליד הסטרי. טארטאק ביים סטרי.

למחרת, היה זה יום שישי, הצטרף הפולני — שהתחלתי לקראו בשם אדון ולודז'ימיז' — אל שכנו הפולקס־דויטש, ושניהם נסעו לטורקה. מסרתי בידו מכתב לאמי, ובו תיארתי הצלחתי. בין היתר ביקשתיה למסור לו חפצים, אשר אינה עומדת לקחתם לגיטו, וכן, כי תשתדל להשפיע עליו, לקחת אתו גם את אחותי. זה היה יום אחד לפני העברת כל יהודי טורקה והסביבה לגיטו סמבור. הכפריים ידעו על־כך, ועל־כן נהרו כולם העירה כדי להספיק לקנות אצל היהודים מכל הבא ליד. ואכן, בשעה מאוחרת בלילה חזר אדון ולאדז'ימיז' עם ארגז מלא כל סוגי דברים — אבל את אחותי לא הביא. לדבריו, פחד הוא מפני הפולקס־דויטש. למחרת, היה זה יום שבת 28 בנובמבר 1942, כ"א טבת תש"ג, גורשו כל היהודים מהכפרים לגיטו. עמדתי שעות על־יד החלון והבטתי החוצה. ראיתי יהודים, אנשים, נשים וטף, מהכפרים, כשהם הולכים עם מזוודות, חבילות ושקים, אחדים בכו, אחרים סתם התעצבו, ומפעם לפעם פנו אחורנית, כאילו רצו להרים מבט אחרון על בתיהם, אשר הם ואבות אבותיהם גרו בהם — ומי־יודע, אם יזכו פעם לראותם שוב. חשבתי אז על־אודות משפחתי והצטערתי, שאיננו ביחד ואיננו יכולים להתנחם.



בשבוע הראשון להיותי בכפר בילתי בחדר סגור. אחר־כך נכנסתי למחבוא והייתי שם במשך כל החורף. היה זה ארגז עם תחתית כפולה. למעלה היו תפוחי אדמה ולמטה שכבתי אני. לשבת לא היתה לי כל אפשרות. יצאתי ממחבואי רק פעם אחת ביממה, בחצות, לחצי שעה, לעשות צרכי ולנשום אוויר צח. אדון ולודז'ימיז' ואשתו מאריה כינו ארגז זה בשם תיבת משה. לעיתים קרובות, בשעות הערב, התאספו בביתו שכנים ושוחחו על דא ועל הא. שמעתי שיחות על התקדמות צבא או על נסיגות, על כיבוש עיר, על חטיפת יהודים, על פרטיזנים יהודים ביערות ועל כל המתרחש בעולם. הטיתי אוזני לכל השיחות האלה והאזנתי בשקט ללא נוע. פעם שמעתי דפיקה קלה בחלון ועל־פי השיחה הבנתי, כי מישהו ביקש אוכל. למחרת סיפרה לי הגברת מאריה, כי יהודייה צעירה, ממשפחת פיילר מטורקה, מסתתרת ביער עם אביה. מפעם לפעם בלילות היא באה לחלונה לבקש מזון כלשהו — וכמובן, אין היא משיבה פניה ריקם.

בתיבה זו שכבתי עד האביב. משאזל מלאי תפוחי־האדמה, היה צורך לחסל את התיבה, למען לא יתעורר חשד. אדון ולאדז'ימיז', שהתמחה בבניית תנורים, פירק את התנור הישן ובנה חדש, ובו מחבוא בשבילי. כעת היה

לי נוח יותר. יכולתי לשבת, לרקום, לכתוב ולקרוא. מחבוא זה היה גם פחות חשוד מקודמו. ככה עברו ימים ולילות, אשר נצטרפו לשבועות, שבועות לחודשים — עד חודש יוני 1944. צבאות גרמניה נחלו מפלות בכל המקומות ונסוגו מכל החזיתות. אנשי בנדארה התנפלו על כפריים, שרפו, שדדו את רכושם והמיטו הרס וחורבן בכל מקום, אשר עברו בו. אימה ופחד תקפו את תושבי קומרניקי.

יום אחד החליטו מצילי, למען ביטחוני, להוציאני מהמחבוא. הם העבירוני לשדה והכניסוני לערימת חציר. שלושה חודשים הייתי בתוך הערימה. יום־יום נהגו לבקרני ולהביא לי אוכל. בלילות תקף אותי פחד מפני הגשמים, הרעמים ונביחות הכלבים. פעם באו גרמנים לקחת חציר, ניגשו ישר לערימה שלי, אולם אדון ולאדז׳ימיז׳, שעבד אז בשדה, הצביע על ערימה אחרת, תוך הסברה, שחציר זה נרקב מהגשם. באחד הלילות של חודש אוקטובר לקחו אותי חזרה לביתם והחביאוני בעליית הגג. אולם רק לילה אחד הייתי שם — למחרת בבוקר הגיע הצבא הסובייטי!



המצילים שלי לא רצו לגלות לאנשי הכפר, שהחביאו יהודייה; הם גילו את הדבר רק לקרובי משפחתם, אשר התגוררו בחלקו השני של הבית. וכשבאו לראותני, התבוננו בי, כאילו נפלתי מפלנטה אחרת; הם לא האמינו למראה עיניהם... למחרת, עם עלות השחר, לקח אדון ולאדז׳ימיז׳ כיכר לחם, בקבוק חלב — ויצאנו לדרך, המובילה לטורקה. הלכנו ברגל 8 קילומטר והגענו לעיר. וקשה היה להכיר את העיר טורקה: היא נראתה כאחרי הפצצה. לא מצאנו אף בית יהודי שלם. לא רק החלונות הוצאו מהבתים היהודיים, כי אם גם התקרות והרצפות. היו גם בתים ללא גגות בכלל. בבית שלנו, בית קלייסט, אשר גרו מקודם חמש משפחות והיו בו 20 חדרים בקרוב, לא מצאנו אף חדר אחד שלם. שוטטנו ברחובות טורקה וזכרתי את טורקה מלפני השואה... רחובות אשר המו יהודים, בעלי־מלאכה, סוחרים, עשירים, עניים, ואנשי המעמד הבינוני; בתי הקפה ועוד. מכל אלה נשאר תל חרבות, ללא זכר של יהודי. הייתי מדוכאה מאוד על שלא מצאתי את משפחתי. חשבתי — הייתכן, שנשארתי לבדי בעולם?! יאוש הציפני. עידוד־מה מצאתי כשפגשתי לפתע כמה נפשות, אשר זה עתה חזרו מהיערות. היו אלה: משפחת ברונר, דויד בינדר, משה מיינר, משה קירשנר עם אחיו יוסף, טובה פסי ומשה שרייבר, שלום ארדמן, הלל ארדמן,

**אברהם ליברהרט, חיה גולדרייך ואמה, אסתר שיין, שאול קלייסט, בן־ציון ברננקה עם אחיו, משפחת רינגל, אשר באו מסמבור, משפחת קריס ועוד.**

**עברו כמה שבועות עד שהצלחתי להסתדר בעבודה, ובינתיים קיבלתי עזרה ממשפחת קומרניצקי, ולאדז'ימיז' ומריה, אשר בזכותם נשארתי בחיים.**

**תודתי נתונה להם.**



רחוב מיצקביץ.

י. מ. זייפערט
לאס־אנזשעלעס

# חלום

מיר ליגן אויפן שטאל-בוידעם אונטערן היי פארבארגן
פאר די היטלער-מערדער און פאר טויט;
אויף באפרייאונג מיר ווארטן פון מארגן צו מארגן,
צו דערלייזונג פון צרות און נויט.

און ציילנדיק אזוי די טעג און די נעכט
שוין א גאנץ יאר דערגרייכט...
איז פאר אונז אומבאגרייפלעך שלעכט,
איבערצוטראגן גארנישט אזוי לייכט.

שוין אוועק איז דער חודש נאוועמבער,
צום צווייטן מאל געקומען איז דעצעמבער...
די נאכט איז גרויס, ס'איז א שרעק
דער טאג איז נודנע קוים אוועק.

און לאנג, ער וויל זיך נישט שטילן
אין זיין כעס דער שטורמיקער ווינט...
און פאר קעלט — האלט אין איין בילן
אין דער בודע דער היימישע הונט...

נעבן מיר מיין קינד רעדט פון חלום;
איך זע נישט איר פנים, איר מינע —
כ'הער נאר: „טאטע שוין פרידן, שוין שלום,
מיר פארן אויך אהיים קיין פאלעסטינע?...

**און ווען אין דערפרי זי האט אויפגעוואכט,**
**דערציילט האט זי, ס׳האט זיך איר געדאכט —**
**זי הערט אין דרויסן פרייענדיקע שטימען,**
**און אונזער בעלביתטע, די גויע, ארויפגעקומען**
**און געזאגט: „מלחמה איז אויס,**
**געענדיקט איז די בהלה,**
**איר קאנט שוין פון באהעלטעניש ארויס —**
**באקומען האט היטלער שוין מפלה...״**

„קינד מיינס, הלוואי זאל חלום מקוים ווערן,
מיר זאלן שוין אויף אמת בשורה הערן...״
אין מוח קרייצט האפנונג און שטרעבן
דער געדאנק — ווער דאס וועט דערלעבן?...

**מעלניטשנע,**

**7 דעצעמבער 1943.**

הערת המערכת

**בעלת החלום — כעת שושנה רוטשילד — היא מורה בטבעון ע״י חיפה.**

# ז כ ו ר

**זכור** את שואת ישראל, זכור את האבדן ואת המרי, והיו לך **לאות וללקח לשנות דור ודור**;

**ונלווה** חזיכרון הזה אליך תמיד — בלכתך בדרך ובשכבך ובקומך;

**ואירשת** לך לעולם זכר אחים, אשר אינם עוד;

**ובא** הזכר בבשרך, בדמך ובעצמותיך;

**חרוק** שיניך וזכור: באכלך את לחמך — זכור; בשתותך את מימיך — זכור; שיר כי תשמע — זכור, בזרוח השמש — זכור, ובבוא הלילה — זכור, וביום חג ומועד — זכור תזכור;

**ובית** כי תבנה והשארת בו פרץ, למען יהיה חורבן בית ישראל לנגדך תמיד;

**ושדה** כי תחרוש והקימות בו גל אבנים — גלעד לאחים, אשר לא באו לקבר ישראל;

**ולחופה** כי תוביל את בניך והעלית על ראש שמחתך את זכר הבנים, אשר לחופה לא עוד יובלו;

**והיו לאחד**: החי והמת, החלל והשריד, אשר הלכו ואינם — ואשר נשארו לפליטה;

**שמע**, איש ישראל, לקול הקורא אליך ממעמקים: אל דומי לך, אל דומי!

**ד"ר מ. דבורז'צקי**

תיאורי שואה בכפרים כבר ניתנו בחלקם בפרק „טורקה — כפרים סביב לה״; התיאורים צמודים לתיאורי החיים וההווי.

חורבן באשרייבונגען אין די דערפער זענען שוין טיילווייז געגעבן געוואָרן אינם קאַפּיטל „טורקא — דערפער אַרום איר״; די דאָזיקע באַשרייבונגען זענען פאַרבונדען געוועזן מיטן שילדערן דאָס יידישע לעבן אין די דאָזיקע דערפער.

מאיר זעמאן
תל־אביב

# אומקום אין דערפער ארום טורקא

## א. איכה ישבה בדד...



איכה ישבה בדד העיר טורקה ענ״ס והסביבה על יהודיה. כל רעיה, האוקראינים, בגדו בה — היו לה לאויבים. עולליה הלכו למשרפות או נהרגו במקום. וילכו בלא כוח לפני רודפיהם האוקראינים והגרמנים ימ״ש. ראוה צרים שחקו על משבתיה.

נתנו היהודים כל מחמודיהם באוכל להשיב נפש עוללי טורקה והסביבה; וזקניהם גוועו כי ביקשו אוכל למו וישיבו את נפשם.

מחוץ שיכלה חרב, בבית — כמוות. פצו עליכן פיהם כל אויביכן, טורקה והסביבה, שרקו ויחרקו שן: „בילענו, אך זה היום שקיווינוהו — מצאנו, ראינו"... אכן, טבחו ולא חמלו.

פלגי מים תרד עיני על שבר יהודי טורקה והסביבה: האוכלים למעדנים נשמו בחוצות... וחיבקו אשפתות. טובים היו חללי חרב מחללי רעב.

## ב. חורבן הוסנע וויזנע

אין א זונטיק אין זומער 1941 האט מען געהערט אין הוסנע, אז היטלער ימ״ש איז ארויס מיט מלחמה אויף די רוסן; שוין דעם זעלבן פרייטיק, 5 טעג נאכן אנהויב מלחמה, האבן די רוסישע סאלדאטן פארלאזט דאס דארף. אין דריי שעה קוים נאכן ארויסגייען פונם רוסישן מיליטער האבן שוין די אוקראאינער געבראכן די שויבן פון יידישע הייזער... שבת אין דערפרי האט

מען שוין געזען אוקראינער מיט ביקסן, ווי זיי נעמען צוזאמען יידן פון הוסנע און קריפקע צו קלאפן שטיינער אויף די וועגן פון הוסנע...

און ווייטער: באלד זונטיק זענען שוין געווען אנגעקלעבט פלאקאטן, אז יידן מוזן טראגן א לאטע מיטן מגן־דוד; א ייד, וועלכער וועט וואגן ווידערצו־שפעניקן דעם באפעל — איז אחת דתו להמית. און נאך: די אוקראינישע באַ־פעלקערונג דארף נישט קומען אין קאנטאקט מיט יידן. קיין דייטשן האט מען נאך נישט געזען, אבער אביסל אונגארישע סאלדאטן פון דער גרענעץ וואך האבן זיך דערוויל ארייגעכאפט אין הוסנע, כדי מקיים צו זיין מצוות רויבן אין די יידישע הייזער...

און באלד דעם ווייטערדיקן פרייטיק קומט צו לויפן קיין הוסנע, שווארץ פון שרעק, דער איינוווינער צבי שטערנבאך, וועלכער האט געארבעט אין בארינע ביי א בעקער, און דערציילט פאלגנדעס: אין בארינע האבן די דייטשן מיט דער הילף פון די אוקראינער צונויפגענומען ביי א 20 יידן, וועלכע האבן געמוזט מיטנעמען לאפאטעס, און אויף א בארג אין בארינע געהייסן די יידן גראבן א גרוב... די דייטשן האבן געשאסן אויף 10 יידן און די איבריקע האבן געמוזט דעם גרוב צודעקן און אויף אים טאנצן, ווייל די דערשאסענע האבן זיך נאך לאנג געווארפן אין קבר... אבער יידן אין הוסנע האבן אים נישט געגלויבט און אים געזידלט, וואס ער מאכט בהלות...



און מ׳האט געטריבן יידן צו ארבעט. שפעטער מיט צוויי וואכן, ווידער פרייטיק, הערט מען אנקומען א טעקסי; אין הוסנע האט מען קיינמאל נישט געזען קיין טעקסי... האט מען זיך שוין פארגעשטעלט, אז דאסמאל קומען דייטשן. כ׳האב זיך גלייך דערמאנט אין מעשה בארינע און בין ארויסגעשפרינגען דורכן פענסטער און באהאלטן זיך ביים ברעג טייך. די געסטאפא זענען אריין צו אונז און דארט געטראפן מיינע עלטערן און א קליינע שוועסטער. זיי האבן די שוועסטער שטרענג באפוילן, אז זי זאל לויפן צו אלע יידן אין דארף און זאגן, אז זיי זאלן זיך גלייך צושטעלן מיט לאפאטעס אין דער האנד — צו ארבעט... און אויב זי מאכט עס נישט גלייך, וועלן די עלטערן גלייך דערשאסן ווערן. מיין שוועסטער איז געלאפן און געטון לויטן באפעל — אבער אלע יידן זענען זיך צולאפן אין נאנטן וואלד אריין... די דייטשן און די אוקראינער האבן דערזען, אז זיי זענען געבליבן מיט דריי יידן, האבן זיי אפגעלאזט

די גאנצע זאך. דעם גאנצן שבת זענען שוין אלע הוסנער און קריפקער יידן געזעסן אין וואלד.



מיט א פאר טעג שפעטער זענען אנגעקומען קיין הוסנע 24 דייטשן און זיך באזעצט אלס גרענעץ־וואך אין א ספעציעל גרויס גרענעץ הויז, וואס די רוסן האבן נאך לעצטנס אויפגעבויט, אויף פאר גרענעץ־וואך צוועקן. דעם צווייטן טאג נאך זייער קומען האט דער סאלטיס פון הוסנע גערופן אלע יידן און ערקלערט, דאס לויטן באפעל פון די דייטשן, דארפן די יידן פון הוסנע און קריפקע דערשיינען יעדן טאג אויף דער דייטשער קאמאנדא. זייער צוועק דארף זיין צו ברענגען האלץ, און שעפן וואסער פונם ברונעם פון גרענעץ הויז. דער ברונעם וועט יעצט באטריבן ווערן מיט הענד (פריער איז דאס געמאכט געווארן דורך פערד).

און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער. יעדער טאג מיט זיינע נייע גזרות... אלע בהמות און עופות אװעקגעבן... יעדער פוטערוואַרג און גאלד אוועקגעבן... מען האט שטענדיק געגעבן און געמיינט, אז דאמיט וועט זיך עס ענדיקן: מ׳וועט לאזן כאטש דאס לעבן...

הונגער, נויט און שרעק האבן זיך פון טאג צו טאג פארשטארקט. יידן פון הוסנע און קריפקע זענען ארומגעגאנגען מיט האלצענע שיך, אפגעריסן און אפגעשליסן — און הונגעריק. טאג ביי טאג צו דער ארבעט ביי די דייטשן. יעדן טאג האט מען געדארפן אנפילן די טאנקערס פון 3000 ליטער וואסער. די אוקראינער האבן אפילו נישט צוגעלאזט די יידן אפצומאלן אביסל הובער אין די הוסנער וואסער־מילן, וועלכע האבן פריער געהערט צו די יידן צבי גאלדרייך און יצחק האנס ז״ל.

און שרעקלעכע ידיעות פון אלע זייטן... אזוי האט זיך עס געצויגן ביז די מאסן אויסזידלונג אין זומער 1942.

הלנה רינגלר (גיסינגר)
נתניה

# כיליונם של יהודי בוריניה



בוריניה, אחד הכפרים באיזור טורקה, מנתה בשנת 1939, עם פלוש הגרמנים לפולין, מאות אחדות של יהודים.

בהלה ופחד אחזו את יהודי הכפר מש־נכנסו לשם הנאצים, וזאת למרות דעותיהם האחרות של יהודים מספר, אשר זכרו את הגרמנים מתקופת מלחמת העולם הרא־שונה. אכן, הם לא תיארו לעצמם, שעם בעל תרבות כה גבוהה מסוגל למעשי נבלה ורצח כאלה!

בינתיים השתוללו בבוריניה האוקראינים המקומיים. היכו את היהודים ושדדו את רכושם כאוות נפשם. ובהגיע נציגיו של המשטר הגרמני, השתלטו בכפר „חיים נורמליים" כביכול.

פקודתם הראשונה היתה, כי על כל היהודים לשים סרט לבן על היד השמאלית, כדי שיבחינו בהם. על הגברים היה להופיע מדי יום ביומו לעבודה, שהיתה, כמובן, עבודת חינם, „בהשגחתם" של השוטרים האוקראינים. ואלה האחרונים התעללו באנשים הרעבים ומחוסרי הכוח בצורה איומה. הנשים נשלחו לנקות מוסדות ציבוריים שונים.

ברם, למרות הקשיים והצרות — החברותיים, המוסריים והכלכליים — המשיכו היהודים את חייהם העלובים והקשים. נשאר בלבו של כל אחד מהם ניצוץ של תקווה, של אשליה, שהזמן הנורא יעבור, כי־על־כן קשה היה להאמין, שזמנים קשים יותר עתידים לבוא, ושאין סוף וגבול לעינויים.

זכורני, כי אחי, שמואל גיסינגר, חזר הביתה נבהל ורצוץ ימים מספר אחרי בוא הגרמנים לכפר. בלכתו הביתה נתקל בקצין גרמני, שעבר על פניו. הלז עצר בו ושאלו איך הוא, היהודי, מעז לא לברך אותו, קצין גרמני. „כיוון שאינני מכיר את כבודו", היתה התשובה. הנאצי סטר לו כמה פעמים על הפנים

ושינן: „איך אתה מעז לדבר אתי בצורה כזאת, יהודי?!״ המקרה הזה, לא מן החמורים ביותר, הטיל חרדה על כל הקהל היהודי.

כעבור זמן־מה הגיעו אנשי הגיסטאפו. אף איש מאתנו לא שיער, שפירושה של מילה זו היא — מוות. הפעם חיפשו אחרי אנשים בשם פורמן: תפסו כשמונה אנשים ולקחום למשטרה. מלבדם הוציאו לשדה, מחוץ לכפר, 30 איש וציוו עליהם לחפור קבר. בין הנאסרים נמצאו אז: בן־ציון פורמן, בתו גולדה ובעלה משה, יצחק פורמן וכן אחותו גם היא בשם גולדה, זוסיה פורמן, אשתו ועוד כמה מבני משפחת פורמן, שאת שמותיהם אינני זוכרת כעת. תחת משמר הוציאום אל השדה ליד הקבר. הקריאו את שמו של כל אחד מהם, והם, אחד־אחד תחת משמר, ניגשו לקבר ונורו. הקריאו גם בפניהם את גזר־דינם ואת הסיבה לכך: בסביבת בוריניה היו מושבות גרמניות. הרוסים אסרו והרגו לפני נסיגתם את בעלי המושבות האלו, והיות ובתו של פורמן עבדה בקולחוז, שהוקם באחת המושבות הללו, לכן — כל הנקרא בשם פורמן, אחת דתו למות. לפי חשבונם צריך היה להרוג עשרה אנשים. ומשום שהיו רק שמונה פורמנים, תפסו עוד שניים, הצעירים ביותר מבין חופרי הקבר, ורצחו גם אותם. השניים היו: דולינגר ומאיר יגר.

עדים לרצח, שהגרמנים ביצעו בדייקנות גרמנית, היו חופרי הבור. הקרבנות הוכו קודם לכן מכות רצח. השטח היה מוקף גרמנים ושוטרים אוקראינים, ואי אפשר היה אפילו לחשוב על בריחה כלשהי... בין החופרים נמצא אחיו המבוגר של יגר; את זה האחרון הרגו יחד עם משפחת פורמן, כפי שכבר אמרתי. עליו, כמו על היתר, היה לכסות את הקבר. והיות והאדמה התרוממה מדי פעם בפעם מעל לגופותיהם של האנשים, אשר נקברו בטרם הוציאו את נשמתם, ציוו עליהם לשים למעלה אבנים...

המשפחות השכולות, לא זו בלבד שלא העיזו להתאונן, אלא אף פחדו לבכות את מתיהם.



והרעב הציק לכולם. בעבור חופן שעורה או כמה תפוחי־אדמה, האיכרים לא ידעו עוד מה לדרוש מהיהודים. ובכלל לא מיהרו למכור מזון ליהודים, היות וידעו, שכל הונם בין כה וכה יפול לידיהם חינם...

שנים בפברואר שנת 1942. באותו לילה הקיפו אנשי גסטפו, ביחד עם שוטרים אוקראינים, את בתי היהודים והוציאו מהם את כל האנשים שמצאו

שם. ביניהם היו שמואל גיסינגר, משה רוזן, מונו ספר, את אחותו מני, את נוסיה פרידמן, בן־ציון ליברמן ושני בניו ישראל ואברהם, את יהודה ליברמן ואחיו שלמה, ועוד ועוד — 36 איש. לאחר שהיכו אותם משך כל הלילה הוליכו אותם ערומים ויחפים בכפור, וכבולים שניים־שניים למאחורי הכפר, מקום שם חיכו להם שלושה קברים. בין האוקראינים נמצאו שניסו להציל את שמואל גיסינגר, אבל כשנודע לאיש הגסטפו, שהוא עורך דין, סירב לשחררו.

אחרי מעשי ההרג פרצו השוטרים הגרמנים מטורקה לביתו של שמואל גיסינגר, בו נמצאו אשתו ושני ילדיו, שנתייתמו. אחד השוטרים, בשם ויקקי, שאל בצחוק שטני את רגינה גיסינגר, לבית טפר, אם ידוע לה איפה בעלה. אם כי ידעה, שבעלה נרצח, ענתה, שלקחו אותו בלילה. ואז „הסביר" לה ויקקי בכל הרצינות, שבעלה „נסע השמימה", וציווה על השוטרים האוקראינים לקחת את כל מה שנמצא בבית. הם הוציאו את הריהוט, כלי המיטה וגם את המנה הדלה של המזון. אותו דבר נשנה בדירתו של משה רוזן, גיסו של שמואל גיסינגר, אשר התגוררו שניהם בבית אחד. גם רוזן השאיר אישה בחודש האחרון להריונה וכן ילד בן שלוש; הוא היה יליד טורקה, בנם של חנה ומנדל רוזן.

אחרי ה„אקציה" הזאת היו אחר־כך עוד חטיפות והריגות „בלתי־רשמיות", ובחודש דצמבר שנת 1942 הועברו שרידי יהודי בוריניה, שנשארו עדיין בחיים, לגיטו סמבור.

ומאז היתה בוריניה „יודנריין".

**יוסף ברענעם**
ניויארק

# עפיזאדן פונם גרויסן אומגליק אין באריניא



ווען די פוילישע ארמיי איז זיך צע־פאלן זענען אלע סאלדאטן געלאפן אין זייערע היימען. דאמאלס האבן די דייטשן (די אזוי גערופענע „שטראף עקספעדיציע") געטראפן א גרופע היימקערערס קיין בא־ריניע — צווישן זיי אויך יידן — און זיי אויסגעשאסן אויפן וועג. וואס פירט קיין יאוואר. איז דאן געווארן עפעס א גרויסער כאאס. פון אלע דערפער ארום האבן אנגע־הויבן אנקומען קיין באריניא אסך אוקראי־נער, ווייל ס'איז ארויס א קלאנג, אז אין דעם דערשיסן זענען שולדיק די — יידן... און די אלע אנגעלאפענע זענען שוין געווען גרייט צו ראבעווען...

אבער פון די גוים האט זיך אוועקגעשטעלט איינער אין מיטן מארק און מודיע געווען: „דאס זענען נישט די יידן שולדיק; כ'האב אליין געזען, אז צווישן די טויטע זענען געווען אויך יידן..." די ווערטער האבן געווירקט, און דער ערשטער פאגראם איז אויסגעמיטן געווארן.

ס'איז דאן געווען ראש־השנה און מיר זיצן אין בית־מדרש און דאווענען. איז אנגעקומען א באפעל פון זלמן פרידמאן, דאס די יידן דארפן גייען צו דער לויה פון די געפאלענע אוקראינער; מיר זענען געגאנגען, פארשטייט זיך, למען השלום.



ווען די רוסן האבן זיך צוריקגעצויגן, האבן זיי מודיע געווען, אז ווער ס'וויל מיט זיי מיט, קאן עס טון. אבער זער ווייניק זענען אוועק מיט זיי. ערשטנס, מ'האט געהאט נישט קיין גוטע דערפארונגען מיט זיי; צווייטנס, ס'זענען עפעס

אנגעקומען גוטע באריכטן פון קראקע, אז דאס לעבן איז גראדע דארט נארמאל אונטער די הערשאפט פון די דייטשן...

די דאזיקע יינגלעך און מיידלעך, וועלכע זענען מיטגעלאפן מיט די רוסן זענען פריער געווען קאמסאמאלצעס און טעטיק געווען ביי די רוסן; זיי האבן שוין נישט געהאט קיין ברירה. צווישן זיי איז געווען פאמיליע פורמן, א געוויסער העגער א.א.וו.



ווען די דייטשן זענען אריין אין באריניא, האבן זיי גלייך צונויפגענומען די רעשט פון די פאמיליע פורמאן און נאך ביי א צוואנציק אונשולדיקע יידישע יינגע לייט און זיי דערשאסן; זיי ארייגעשליידערט אין א מאסן־קבר, וועלכן מיר האבן געמוזט פארויס אויסגראבן. ווען מיר האבן פארשיט דעם קבר, האבן זיך נאך מאנכע קרבנות געווארפן. מיר האבן געמוזט טאנצן אויפן קבר ביז די קרבנות האבן זיך איינגעשטילט... אונז, די באגרעבער, האט מען אנגעזאגט קיינעם נישט דערציילן וועגן דעם; אנדערש — וועלן מיר האבן דעם זעלבן סוף...



באלד דערנאך האבן די דייטשן איבערגענומען די פארוואלטונג פון דער פירמא געדולא, און האבן ארויפגעלעגט אויף די יידישע מענער און פרויען באשטימטע נארמעס, וויפל קוביק־מעטער מוז מען אויסארבעטן. זיי האבן אויך צוגעזאגט צו געבן געוויסע פראוויאנטן פאר דער ארבעט.

די נארמען זענען געווען זער שווערע. מענטשן האבן אבער געמוזט גייען ארבעטן, אויך קראנקע. ס׳האבן זיך פארשפרייט קלאנגען, אז מ׳כאפט מענטשן פון די שטובן צום דערשיסן — איז דאך שוין בעסער גייען צו דער דאזיקער שווערע ארבעט.

מ׳שמועסט וועגן דערטלויפן, אבער יעדער האט געוויסע אפהאלטונגען. דער האט קליינע קינדער, דער האט אלטע עלטערן — ווי אזוי לויפט מען? אלס אנפירער פון די ארבעט אין וואלד האב איך געמעגט גייען פון איין וואלד צום צווייטן — האב איך אנגעהויבן גראבן א בונקער, כ׳האב געטראכט, אז מ׳וועט אים נאך באדארפן.

אוקראינישע באנדעס האבן אויסגענוצט אונזער לאגע. זיי פלעגן אנרעדן מענטשן אריבערצופירן, פאר געלט, די אונגארישע גרעניץ. זיי פלעגן צופירן זייערע קרבנות ביז די גרעניץ, ארויסקריגן פון זיי צעטלען, אז זיי זענען אין בעסטן ארדנונג — און דערנאך בעסטיאליש דערמארדעט ווערן.



ס׳קומט אן א באפעל: אלע מענער, פרויען און קינדער גייען אין געטא אין טורקא; יעדע פאמיליע קאן זיך מיטנעמען עסן און קליידונג און אלץ וואס מ׳פארמאגט. ס׳ווערט א בהלה מיט דעם אריבערפירן אלץ אין שטאט אריין. אין שטאט נעמט מען אלץ אוועק, די מענטשן פארשפארט מען אין אלטע קאזארמעס אן עסן און אן טרינקען; צומארגנס, מיט געוואלט און דראהונג צום דערשיסן, ווערן אלע אפגעפירט צו דער באן סטאציע און אויפגעלאדן ווי די בהמות — און אוועקגעפירט אין פארניכטונגס לאגער. די, וועלכע האבן פראבירט צו דערטלויפן, זענען דערשאסן געווארן אויפן ארט. מיין ברודער צבי איז דערשאסן געווארן ביי דער סטאציע דורך זיין אייגענעם שול קאלעגע, מיט וועלכן ר׳האט שטודירט צוזאמען, און פלעגט זיין אן אפטער גאס ביי מיינע עלטערנס הויז. ס׳בילד, וואס האט זיך אפגעשפילט דעם־דאזיקן טאג, איז נישט צו באשרייבן.



אין בוריניא זענען מיר געבליבן ביי א 50 ארבעטס־פעאיקע מענטשן; מיר האבן ווייטער געארבעט אין הונגער און נויט. ס׳איז אזוי געגאנגען ביז דעצעמבער 1944 ביז ס׳האבן זיך באוויזן אויפשריפטן, אז באריניא מוז ווערן יודנריין און אלע ארבעטער מוזן זי פארלאזן און איבערגייען אין סאמבארער געטא. ס׳האט געהייסן, אז יעדער קאן מיטנעמען וואס ער וויל און קאן פארן מיט דער באן.

יעצט האבן אסך יונגע מענטשן אנגעהויבן צולויפן זיך אין די ארומיקע פארשידענע וועלדער, אדער באהאלטן זיך ביי שכנים. מיין פארשטארבענע פרוי און מיין שוועגערין אסתר, וואס איז יעצט אין ניויארק, האבן געהאט עטלעכע צוגעזאגטע פלעצער ביי גויים אויף צו באהאלטן זיך. דאמאלס האט עס געהייסן, אז דער קריג וועט נאך דויערן העכסטנס 6 מאנאטן. דער סוף איז אבער געווען, אז די אלע גויים, וועלכע האבן צוגעזאגט אונז צו באהאלטן, האבן מורא געקריגן און אונז איבערגעלאזט אין אונזער פארצווייפלטער לאגע.

שלמה כץ
חיפה

# פרשת דז'ביניץ בשואה

## חיי שלווה ומסורת



הכפר דז'ביניץ נמשך לאורך הנהר סאן. במזרח גובל הוא עם הכפר טרנבה־ניז'נה ובמערב עם הכפר דידיובה. בכפר התגוררו בדרך כלל אוקראינים, עובדי אדמה, וכן כ־30 משפחות יהודיות, שעסקו אף הן בחקלאות, אך גם במסחר זעיר. מרביתן קשורות היו ביניהן בקשרי נישואין והיוו, על־כן, משפחה אחת גדולה.

כל היהודים הללו היו דתיים ונהגו מנהג חיים מסורתי. בשבתות ובחגים חבשו את השטריימל ואת הקפוטה והתפללו בבתי כנסת, שאוכסנו בבתים פרטיים. הצעירים היו מתאספים בשבתות אחרי־הצהריים באולם תנועת המזרחי לשמוע הרצאה על ציונות וכו'. מהם יצאו גם להכשרה וקיוו לעלות ארצה. כך חיו להם היהודים חיים שלווים עד פרוץ מלחמת העולם השנייה ב־1939.

## הגרמנים בפעם הראשונה

וימים ספורים לאחר פרוץ המלחמה הגיעו אלינו הגרמנים מצד מערב. פקודתם הראשונה היתה לאסוף את כל הגברים בגמינה (בית המימשל), אך היהודים הסתתרו ביערות ולא הופיעו למיפקד — הגיעה כבר השמועה, כי גם הצבא הרוסי מתקרב למקום. ואכן, באותו יום עצמו התקרבו הרוסים והגיעו עד נהר סאן מצד מזרח. כך נמצאנו חלוקים בין הגרמנים לרוסים: חלק מבתינו היו מצד אחד של הסאן ואילו החלק השני מצד האחר. מרבית היהודים הפקירו בתיהם שבצד הגרמני והצטופפו בצד הרוסי. שני הצדדים הציבו זקיפים והמעבר על הסאן נעשה בלתי אפשרי כמעט. לאחר זמן־מה התקיימה חליפת רכוש ואוכלוסין בין היהודים והאוקראינים — וכל היהודים עברו לצד מזרח.

## פינוי האוכלוסייה האזרחית

עוד במחצית החורף ניתנה הוראה מצד הרוסים לפנות את האוכלוסייה האזרחית מאיזור הגבול ולהעבירה לפנים הארץ. את יהודי דז'ביניץ העבירו למלינסק שבאיזור רובנה; עברנו לשם ברכבת. לכל משפחה ניתנה דירה וכן תעסוקה לפי המקצוע. כל יהודי סביבתנו התארגנו והתרכזו, בהסכמת השילטונות בשטח אחד; שוב היו יחידה אחת גדולה. עבדנו בשדה, בהובלה ובחטיבת עצים. הרוסים התייחסו אלינו יפה וחיינו חיים נורמאליים חדשים.

## 1941 — הגרמנים חוזרים!

עם פרוץ מלחמת רוסיה־גרמניה החלו הרוסים להיסוג. אחדים מאתנו נסוגו אתם, אך מספרם היה מצומצם: משפחות מטופלות בילדים או בהורים זקנים לא זזו. וכך נמצאנו לאחר תקופה קצרה ביותר תחת המגף הנאצי.

פקודתם הראשונה היתה לענוד את הטלאי הצהוב, למען יוכרו היהודים מיד. ניתנה הוראה לאסוף כספים וכל דברי ערך ולמסרם לגרמנים. מיד התחילו בנגישות שונות כלפי האוכלוסייה היהודית: את זקנו של בנימין ברייר, יהודי נכבד מטרנבה, גזזו עד למחציתו... החרימו הסוסים והבהמות, שהבאנום מהבית וגייסו אותנו לעבודות כפייה, בעיקר לתיקון מסילת הברזל, שנהרסה עם נסיגת הרוסים. עבדנו עבודה קשה ומפרכת מבלי לקבל כל תמורה.

## גיטו ברזנה ומחנה העבודה

לאחר תיקון המסילה גירשו אותנו הגרמנים לגיטו ברזנה. כאן הפרידו בין הגברים, המסוגלים לעבודה, לבין יתר אנשי המשפחה. כאן הוכרחנו למסור את מעט הרכוש שנותר לנו איכשהו, והיינו נקיים מכל דבר... את הגברים המסוגלים לעבודה העבירו למחנה־עבודה בקוסטופול, שהיה בפיקוחם של הס.ס. והמשטרה האוקראינית. היינו כאן כ־300 יהודים, ביניהם רבים מאזורנו: אברהם־יעקב ברייר ובנו שלום, שלום כץ ובנו שלמה, גדליה ארליך, חיים פרנס, גדליה קסלר יוסף נוימן, האחים חיים, שלמה וליפה רנד, מאיר פוקס, יעקב לרר וגיסו אברהם ברייר ועוד. עבודתנו היתה העמסת עצים על קרונות רכבת. העבודה היתה קשה, אוכל לא ניתן לנו. יום־יום התהלכו שמועות על אקציות ועל הריגות; גם ראינו את היהודים מובלים אחרי האקציות למקומות ההשמדה. חיינו בפחד מתמיד, שגם תורנו בוא יבוא.

## הניסיון האחרון

והנה, באחד הלילות, בחודש אלול 1942, ראינו, כי אנו מוקפים על־ידי אנשי ס.ס. ומשטרה אוקראינית מוגברת — ומיד הבננו, כי תורנו הגיע. בשעה 2 אחרי חצות הוציאו אותנו למרכז המגרש של המחנה. מסביב משמרות כבדים עם נשק אוטומטי. כעת שוב לא היה כל ספק בדבר מטרתם של הרוצחים.

במגרש השתדלנו להצטופף ולהיות יחד — במיוחד קבוצתנו — וחכינו לעומד להתרחש. וכאשר ניתנה הפקודה להסתדר בשלשות, החל אברהם־יעקב ברייר —· מי שהיה קצין יהודי בצבא האוסטרי — לצעוק: „יהודים, אנו מובלים לטבח, הורה! מלטו נפשותיכם, ברחו לכל שתוכלו!"...

קמה בהלה וצעקות „הורה!" — והתחלנו להימלט על נפשותינו לכל עבר. המשמר החל לירות בנו, אולם לא היה לנו מה להפסיד... מי שמזלו האיר לו נמלט. אלה שנשארו במקום, או נתפסו בשעת הבריחה, הוצאו להורג למחרת היום.

מקבוצתנו נשארו בחיים: א. י. ברייר, שלום ברייר, שלום כץ, שלמה כץ, גדליה קסלר, אברהם ברייר ועוד יהודים מספר מסביבות אחרות.

אולם רובם מצאו כאן את מותם. יהא זכרם ברוך.

זרח כץ
קרית־חיים

# עם יהודים כפריים במצור



בשנת 1940 העבירו הרוסים אותנו מדז׳ביניץ׳ גורנה, שעל נהר סן, למלינסק, עיירה השוכנת על־יד מסילת הרכבת שבין קוסטופול וסרנה. קיבלנו בית כשני ק״מ מהעיירה. כל יום נסעו אבי ואחי הגדול למלינסק לעבוד בתחנת הרכבת בהובלת עצים או בהעמסת עצים לקרונות. אחותי, אחי ואני הלכנו לבית ספר, שהיה ע״י התחנה. השכנים מסביבנו היו פולנים או אוקראינים; הם התייחסו אלינו די טוב.

משפרצה המלחמה בשנת 1941 בין גרמניה לרוסיה — תוך שבועיים כבר היו הגרמנים אצלנו. את המבוגרים העסיקו הגרמנים בתיקון מסילת הברזל, שהרוסים הרסו בזמן נסיגתם. היהודים ידעו, שהגרמנים לא יתנו להם להישאר מפוזרים, אלא סוף־סוף הם יאספו אותם לגיטו. על־כן דאגה אמנו ז״ל, שהילדים הקטנים יישארו אצל התושבים הפולנים בסביבה; בשעת גירוש היהודים ממלינסק לגיטו ברזנה נשארו אצל הפולנים שתי אחיותי פניה (טלילה), חנה וכן אחי פרץ.

כשהביאו אותנו לגיטו ברזנה, השתדלנו להישאר כל המשפחה ביחד, אולם כעבור זמן קצר לקחו את אבא ואחי הגדול למחנה עבודה בקוסטופול. המצב הכלכלי הלך ורע; החלטתי לחזור למלינסק ולדאוג למשהו אוכל. ביום אחד כשהוציאו את היהודים לעבודה מהגיטו הלכתי אתם יחד. בערב לא חזרתי והמשכתי דרך כפרים אוקראינים למלינסק. המרחק היה כ־30 ק״מ. הגעתי לאחי, שהיה אצל איכר, וסיפרתי להם שהילדים רעבים ללחם, הוא נתן לי קמח. ניגשתי גם לאחיותי וגם שם קיבלתי מנת קמח מבעל־הבית. עם מנה כפולה זו חזרתי לגיטו. זאת עשיתי בלילה, אבל הבעייה היתה: איך להיכנס לגיטו עם הקמח על הגב? והנה, הצלחתי איכשהו לפנות בוקר, כשהתושבים עדיין ישנו, לחמוק פנימה.

בגיטו נשארתי רק 24 שעות. למחרת, לפנות בוקר, יצאתי לדרך לחקלאי הגר על־יד מלינסק, שהבטיח לי בשעתו לקבלני כרועה בקר. את הדרך הזאת לגיטו וחזרה עשיתי פעמיים או שלוש פעמים. בדרכי מגיטו ברזנה לכפר התגנבתי גם לתחנת הרכבת למלינסק ונפגשתי עם אבא ואחי שלמה ומסרתי להם דרישת שלום מאמא.



כשהגעתי בפעם האחרונה לגיטו, מסרו לי, שדבר מה עומד להתרחש. עזבתי את הגיטו באותו ערב וחזרתי לעבודה אצל החקלאי. למחרת הייתי כבר עם הפרות במרעה. בערב ישבתי והרהרתי על הדרך שעברה עלי (בכל פעם שעשיתי את הדרך לגיטו ובחזרה קרו כל מיני הרפתקאות לא נעימות). והנה, הודיעו לי, שאחי עם שתי אחיותי הגיעו אלי, והחקלאים מפחדים להחזיק אותם. כן הודיעוני, כי את כל היהודים מכל הערים בסביבה הרגו. בעל הבית שלי היה פולני זקן ואמר לנו, שניכנס לגורן למשך הלילה ולמחרת נסתתר בשיחים שבסביבה במשך כמה ימים עד יעבור זעם; זה היה בכ״א אלול 1942. בלילה התגנבנו לערימות של חציר ועשינו בתוכם מערות וישננו. ביום הסתתרנו בין השיחים. ידענו שביערות מסביב מסתתרים עוד יהודים, וביניהם גם קרובי משפחה, אך פחדנו לחפש אותם בתוך היער; גם הם ידעו, שאנו מסתתרים בסביבה בתוך השיחים. יום אחד, אנו יושבים בין השיחים ושומעים, שמתקרבים אלינו שני אנשים. הכרנום: אלה היו ארליך גדליהו ודוד ליפא ז״ל; הם לקחו אותנו אליהם. שם נפגשנו עם עוד דודים ודודות, סבתא ואחותי לאה. הם כולם ברחו ממחנה עבודה, שהיה בסביבה, שעה שבאו לקחת אותם בחזרה לגיטו.



נודע לני, שאבא עם אחי שלמה ועוד משפחות יהודיות מסתתרים ביער בסביבת כפר פולנה. החלטתי לצאת לדרך ולחפש אותם עוד לפני שיפול השלג. המרחק היה לערך 20—25 ק״מ. יצאתי לדרך לפנות ערב והלכתי לצידי הכביש. כל פעם שראיתי דמות מתקרבת הסתתרתי. לא פעם, גם הדמות שראיתי נעלמה ולא עברה על פני... פחדתי מאוד. הבעייה היתה, איך למצוא את המקום, בו הסתתרו אבא ואחי. הסתובבתי כל היום מסביבם במרחק 200 מטר ולא מצאתים עד שנתקלתי בשביל והמשכתי ללכת בו והגעתי למקום לפנות ערב. למראה עיניהם לא האמינו, גם אני לא האמנתי. פה פגשתי לבד מאמא ואחי את אברהם־יעקב ברייר עם שלושת בניו ובת ובן־אחותו, משפחת קסלר עם שלושת

הילדים ועוד כמה יהודים מקומיים (ז״א שהיו שם גרים הרבה שנים). למחרת בלילה חזרנו ליער שלנו אל אחיותי ולאחי.

במשך הזמן, שמענו שאוקראינים הרגו את שרה קסלר עם בנה הרש ואת אברהם יעקב ברייר ועוד כמה יהודים. הילדים של ברייר וגדליהו קסלר, עם הבת והבן ז״ל, עברו ליער אלינו. היות והיינו קבוצה גדולה מדי, והיה מסוכן להישאר במקום אחד — היינו צריכים להחליף כל פעם מקום, כדי שהתושבים המקומיים לא ידעו בדיוק היכן אנו נמצאים. פחדנו מהגרמנים וגם מהאוקראינים. בהתקפה אחת של אוקראינים על קבוצת יהודים נהרגה מניה קסלר, בתו של גדליה ז״ל ודודתי רנד מינדל (לבית פרנס).



עם שיחרור הסביבה ע״י הצבא הרוסי, בפברואר 1944, יצאנו מהיערות שהסתתרנו שם שנה ומחצה; חזרנו למלינסק.

בחודש מרץ אותה שנה הגעתי לברזנה עם קבוצה של 6 נערים, שהרוסים הבטיחו לשלוח לרוסיה לבית ספר. סידרנו את כל הניירות, שהיו דרושים לנו, ויצאנו לדרך ברגל עד לתחנת הרכבת הקרובה, יחד עם קבוצה גדולה של אוקראינים, שהרוסים גייסו אותם לצבא. בדרך היינו צריכים ללון בכפר אוקראיני. הרוסי, שהיה אחראי על כל הקבוצה, סידר לנו לינה באחד הבתים בכפר. ישננו כולנו יחד עם הבגדים, הסרנו רק את הנעליים. לפנות בוקר העירו אותנו ואמרו לנו לצאת החוצה. הסתכלתי בעד הדלת וראיתי, שעומד אוקראיני עם רובה ומזרז: „מהר מהר״. באותו רגע ניגשתי לפתוח חלון, ואז קפץ האוקראיני וסחב אותי לאחור. באותו הזמן הספיקו לקפוץ דרך החלון 4 נערים והתחילו לברוח בכיוון ברזנה. אוקראיני הספיק עוד לתפוס נער (בנו של גדליהו קסלר — אליהו ז״ל) וסחב אותנו לחדר שני, שלא היו בו חלונות. באופן אינסטינקטיבי זינקתי בחזרה לחדר (עוד לפני שהאוקראיני הספיק לסגור את הדלת) ודרך החלון קפצתי החוצה והתחלתי לרוץ לכיוון העיר ברזנה. בדרך העירה נפגשתי עם ארבעת הנערים, שברחו. הגענו העירה והזעקנו עזרה של הצבא הרוסי. חזרנו לאותו כפר ולא מצאנו לא את האוקראיני ולא את אליהו במקום ,ולא יכולנו להיוודע לאן לקחו אותו.

חזרנו בחזרה לברזנה ומשם למלינסק.

שלום כץ
צפת

# געיאגט און געפּלאגט *

## טאטע, ווו ביסטו?...



**נאך דער גרויסער שחיטה אינם קאס־טאפּול־לאגער, ווען אביסל יידן איז געלונגען צו אנטלויפן, און איך צווישן די דאזיקע — האב איך נישט געוווסט, ווער ס'איז געבליבן לעבן. כ'בין געלאפן ווהין מיינע פיס האבן מיך געטראגן; כ'בין געלאפן צום וואלד. לויפנדיק האב איך אראפּגעווארפן פון מיר מיין ראק, וואס כ'האב נאך געהאט פון די רוסן, כדי ס'זאל מיר זיין לייכטער. און אזוי לויפנדיק אין וואלד, האב איך דער־הערט א געשריי: „טאטע, ווו ביסטו?" — דאס איז געווען מיין זון שלמה, וועלכער האט לויפנדיק געפונען דעם ראק און דער־קאנט דעם טאטנס מלבוש.**

**אזוי האבן מיר זיך אין וואלד צוריקגעטראפן. דארט האבן מיר געטראפן נאך דריי יידן פון אונזער לאגער, וועלכע זענען אנטלאפן, זיי זענען געווען פון סטעפּאן. אביסל צייט זענען מיר געווען צוזאמען און דערנאך האבן מיר זיך צושייט — איך מיט מיין זון האבן געוואלט צוקומען צום שטעטל בערעזנא, ווו ס'זענען געווען אונזער רעשט משפחה אין געטא. אויפן וועג — גייענדיק צווישן די פעלדער — האט אונז א גוי אנגעוויזן דעם וועג אנצוקומען קיין בערעזנא. ווען ס'איז שוין טאג געווארן, זענען מיר צוגעגאנגען צו א שטוב און ווידער געפרעגט צו בערעזנא. דער גוי, זעענדיק אז מיר זענען יידן האט געענטפערט, מיר זאלן נישט גייען דארט אהין, ווייל די דייטשן הרגענען דארט די יידן.**

---

* ראה: שלום ברייר — איש צעיר במחנה עבודה נאצי עמ' 279.

ביים דאזיקן גוי זענען מיר געווען געווארן, אז אן אוקראינער פון דזוויניאטש געפינט זיך דא אינם דארף; זענען מיר בגניבה אנגעקומען צו אים. דער אוקראינער האט אונז פיין אויפגענומען, געגעבן אונז עסן און געהייסן אונז אפרוען אין דער סטאדאלע. אין א קורצער צייט ארום איז ער אריין צו אונז אין דער סטאדאלע און געהייסן אונז גייען ווייטער, ווייל ר'האט מורא פאר די שכנים. ס'האט נישט געהאלפן אונזער בעטן און מיר האבן געמוזט בייטאג פארלאזן זיין הויז. מיר זענען צוגעגאנגען צו א צווייטן און צו א דריטן באקאנטן גוי — קיינער האט אונז נישט געוואלט אריינלאזן.

## אין פרעמדע פעלדער

ביינאכט האבן מיר פארלאזט דאס דארף און געוואנדערט אין די פעלדער אין א אומבאקאנטער סביבה. צום סוף זענען מיר דערגאנגען צו א גוי, וועלכער האט געוווינט ווייט פון א יישוב, נאנט צו זומפיקע פעלדער, וועלכע זענען געווען באדעקט מיט קליינע קוסטן; קיין וואלד איז עס נישט געווען. דארט זענען מיר געווען געווארן אז ס'לעבן נאך אין דער סביבה אביסל יידן, און אז זיי באהאלטן זיך אויס. אויך מיר זענען געבליבן ארבעטן ביי אוקראינער צוויי מאנאטן: ביי טאג געדרעשעט אין דער סטאדאלע און ביינאכט געלעגן באהאלטן.

ווען דער גוי האט אונז נישט געוואלט האלטן מער, זענען מיר אוועק ווייטער. אין א צווייטן דארף האבן מיר באקומען א צוזאג פון אן אוקראינער, אז ער וועט אונז האלטן ביי ארבעט. איך בין ארויס אין דרויסן אביסל זיך אפרוען און מיין זון איז געבליבןווארטן אין שטוב אויף אביסל עסן. איז דערווייל אנגעקומען אין שטוב א יינגער אוקראינער און דערקאנט מיין זון, אז ר'איז א ייד; און ער האט אים מיטגענומען איבערצוגעבן אים די דייטשן. איך האב אלץ געזען און נישט געקאנט גארנישט העלפן... צום גליק האט זיך מיין זון, אויפן וועג, ארויסגעריסן פון אים און ביינאכט האבן מיר זיך ווידער פאראייניקט.



און מיר האבן ווידער געוואנדערט. אויסבאהאלטנדיק זיך אין די פעלדער, האבן מיר געטראפן א בערעזנער ייד, וועלכער האט געקאנט די געגנט. פון אים זענען מיר געווארן געווארן פון נאך אסך יידן, וואס באהאלטן זיך דא אויס אין

די ארומיקע וועלדער. און צוזאמען מיט אים זענען מיר, דורך שנייען און וואסערן, אנגעקומען אין וואלד.

דא, אין וואלד, האבן מיר געטראפן אביסל יידן פון אונזער געגנט: אברהם־יעקב ברייער מיט זיינע פיר קינדער, מלכה ברייער, גדליה קעסלער מיט זיין משפחה, און אויך א פאר בערעזשענער יידן. דא זענען מיר געווען געווארן, דאס מיינע אנדערע פינף קינדער זענען געבליבן לעבן און באהאלטן זיך אויס אין א צווייטן וואלד, 30 קילאמעטער פון דאנען. צוויי טאג שפעטער איז געקומען צו אונז אין וואלד אריין מיין זון זרח — נישט וויסנדיק, אז מיר זענען אהער אנגעקומען; ער איז געווען דער פארבינדער צווישן די יידן איןביידע וועלדער.

זרח האט מיר דערציילט אלע געשעענישן, וועלכע זענען דא געשען אין דער אומגעבונג. זאלבע דריי זענען מיר אוועק אינם צווייטן וואלד, ווו די רעשט קינדער זענען געווען. מיין פרוי, מיין יונגסטע טאכטער און אויך מיין טאטע זענען אומגעקומען אין געטא בערעזנא אינם טאג פון דער לעצטער אקציע.

## דאס לעבן אין וואלד

כ׳בין שוין געווען מיט מיינע זעקס קינדער צוזאמען, האט מען דאך געמוזט זוכן יעצט א וועג צו בלייבן ווייטער לעבן. דא האב איך נאך געטראפן קרובים — מיין שוויגער, וואס איז שוין דאן געווען א פרוי פון א יאר זיבציק: הענדל ראנד. מיט איר זענען געווען אירע צוויי זין, די טאכטער מינדל מיטן מאן און א שנור. ס׳איז אויך געווען אונזערס א גוטער שכן פון דער היים — גדליה ערליך.

מיר האבן געמאכט א בונקער, און מיר האבן אים געטוישט פון צייט צו צייט, פון מורא. ביינאכט פלעגן מיר גייען אין די נאנטע דערפער און בעטן עסן ביי די גויים. געקאכט האבן מיר ביינאכט אין בונקער, מ׳זאל נישט זעען דעם רויך.



דערווייל האט דא פאסירט אן אומגליק: מיין טאכטער האט אויף זיך אויסגעגאסן א טאפ הייסע זופ; איר לעבן איז געווען אין סכנה. דא האט אונז

געהאלפן גדליה ערליך. צוזאמען מיט מיינע זין האט ער געכאפט א ליילעך, איינגעוויקלט די טאכטער, און זי אוועקטראגן צו א באקאנטן גוי און זי אוועקגעלייגט דארט אויפן אויוון. זי איז פארבליבן דארט א חודש, צוזאמען מיט די עלטערע טאכטער; זי האט דארט געהיילט די קראנקע שוועסטער מיט לען־אייל און געגעבן איר עסן. אין דער זעלבער צייט האט די עלטערע טאכטער געשטריקט פאר די גויה סוועדערס, און דערנאך זענען זיי ביידע צוריקגעקומען אין וואלד.

דער זעלבער ערליך האט מיר אסך צוגעהאלפן דאס לעבן אין וואלד. דאס איז געווען ווינטער 1942—1943. אויך זומער איז די ישועה נישט געקומען. מיין זון שלמה איז אוועק צו די פארטיזאנער און איך בין פארבליבן אין וואלד מיט די קלענערע קינדער.

## באנדעראוועצעס

אין וואלד האבן זיך אנגעהויבן באוויזן באנדעראוועצעס־אוקראינער, וועלכע האבן געזוכט צו הרגענען יידן. די מורא פאר זיי איז געווען גרעסער ווי פאר די דייטשן; די דייטשן האבן מורא געהאט צו גיין אין די וועלדער. די דאזיקע באנדעראוועצעס האבן אויך אויסגעהרגט גאנצע דערפער פאלאקן — און זייערע ווירטשאפטן זענען געבליבן ליידיק. דעריבער פלעגן מיר גיין נאר ביינאכט און צוזאמענעמען אביסל עסן. מיר האבן צוזאמענגענומען תבואה, קארטאפל און באהאלטן זיי אין פעסער אין גריבער, וואס מיר האבן געגראבן אין וואלד. מיר האבן דאס באהאלטן אויף אסך ערטער און זיי באצייכנט; מיר האבן זיך געגרייט אויפן נייעם ווינטער. מיר האבן געבויט נייע בונקערס, ווייל מיר האבן אפט געטוישט אונזערע פלעצער.

## באפרייאונג

אין צווישן האבן מיר שוין געהערט די הארמאטן פון די דערנענטערנדיקע רוסישע ארמיי. אין פעברואר 1944 איז דער פראנט פאריבער אונזער וואלד, דאך זענען מיר נאך, צוליב פארזיכטיקייט, פארבליבן אין די בונקערס א גאנצע וואך. נאכדעם האבן מיר ארויסגעשיקט דריי מענטשן, געוואר צו ווערן די לאגע. זיי זענען צוריקגעקומען און דערציילט, אז די רוסן זענען שוין אין די דערפער ארום...

יוסף ברענעם
ניויארק

# איבערגעלעבט אין א בונקער אין וואלד

## צומארגנס נאך „יודנריין״

דאס לעבן אין בונקער האט זיך אנגעהויבן צומארגנס נאכן „יודנריין״, ד. ה. ווען מיר האבן געדארפן איבערגייען אין געטא פון סאמבאר. אבער דאצו האט מען געדארפן האבן פארבינדונג מיט עמעצן, ער זאל פון צייט צו צייט עפעס צוברענגען. אבער די אלע גויים, וועלכע האבן עפעס צוגעזאגט, האבן אלע חרטה געהאט; קיינער האט נישט געוואלט העלפן. באין־ברירה האב איך זיך געווענדעט צו א פויער, וועלכער האט אמאל געארבעט ביי מיר מיט מיינע פערד, געפירט האלץ און אזוי ווייטער; ר'האט געהייסן איכנאט סאקאל. דער דאזיקער פויער האט מיר אזוי געזאגט: „גיי אין בונקער אין וואלד, און איך וועל דיר העלפן מיט וואס כ'וועל נאר קאנען״.

דער בונקער איז נאך צוגעגרייט געווארן פריער, מיט וואכן צוריק. דאס איז געווען א לאך אין בארג, ארייגעגראבן אזוי גרויס, דאס דריי מענטשן האבן געקאנט ליגן און זיצן; אויפשטעלן זיך האט מען נישט געקאנט. מער גראבן האב איך נישט געקאנט אין שטיינערנעם באדן. צווייטנס האב איך געמיינט, אז ער דארף זיין קליין, כדי ס'זאל ווינטער ווארעם זיין. האט זיך ארויסגעוויזן גאר פארקערט: ווינטער איז געווען זער ווארעם, און דווקא זומער זענען מיר געפרוירן געווארן פון קעלט; נישט איינמאל האבן מיר געמוזט ארויס פונם בונקער און אנווארעמען זיך אויף דער זון...

דעם אריינגאנג אין בונקער האט מען נישט דערקאנט. ער איז געמאכט געווארן אונטער אן אלטן ליגנדיקן פארפוילטן שטאם, וואס איז אפשר מיט 50 יאר צוריק געבראכן געווארן ביי א ווינט. דער בוים איז געווען דיקער פון א מעטער און אפשר 20 מעטער לאנג, און ארום אים איז געווען פארוואקסן אסך מאך.

## ביסלעך עסן

מיטן פויער סאקאל האב איך זיך אפגערעט, דאס איינמאל אין א וואך זאלן מיר זיך צוזאמענטרעפן אונטער א געוויסן בוים; ביים בוים האבן מיר

אויסגעגראבן א גרוב, ער זאל דארט קאנען איבערלאזן אביסל עסן, אויב צוליב עפעס א סיבה וועלן מיר זיך נישט קאנען טרעפן. דאס ארט איז געווען ווייט פונם בונקער א שעה גאנג, און נישט איינמאל בין איך געגאנגען אומזיסט, אדער גארנישט געטראפן דעם וועג; ארומגעדרייט זיך א גאנצע נאכט און צוריק צום בונקער.

שפעטער האב איך באשלאסן צו מאכן סימנים אויף די בוימער, כדי כ׳זאל קאנען געפונען דעם וועג. כ׳האב געארבעט ביי מאכן איינשניטן אין געוויסע פלעצער פון בוים עטלעכע וואכן. כ׳האב זיך אויך צוגעוווינט צו זען און גייען אין דער פינסטער — אלץ כדי צו זיין אין קאנטאקט מיטן דאזיקן פויער און צו באקומען עפעס עסן.

מיר האבן געלעבט אין די שרעקלעכסטע באדינגונגען, נאר דער דראנג צום איבערלעבן, וואס איז געווען זער גרויס, האט אונז צוגעהאלפן אלץ איבערצוהאלטן. מיר האבן געזוכט אין וואלד יאגדעס, געריסן ניס פון די בוימער. אזוי ווי דער ווינטער האט זיך צוגערוקט, און דער גוי האט מודיע געווען, אז ווינטער וועט ער נישט קאנען קומען, האבן מיר צוגעגרייט א לאך, נישט ווייט פונם בונקער, און אנגעפילט מיט קארטאפל, בריקוועס און בורקעס. כדי ס׳זאל אונז קלעקן אויף א לענגערע צייט, האבן מיר געפאסט יעדן מאנטיק און דאנערשטיק... דער בויער האט אונז אויך געהאט געברענגט ביי א 200 קילאגראם קארן, און אויך א קליין קאפע־מילכל צום מאלן. מיר האבן געמאלן און געשיט אין זופ אריין און מ׳האט זיך געקאנט דערהאלטןביים לעבן.

## קראנק און הונגעריק

די גאנצע צייט זענען מיר געווען מער קראנק ווי געזונט, און מיר זענען גאנצע מאנאטן געשלאפן און צוגעוווינט זיך צו די צרות. אין בונקער איז געבליבן א שטיין, וועלכן כ׳האב נישט געקאנט ארויסרייסן ביים גראבן. האט ער מיר טאקע אנגעטון צרות: ווייי געטון מיר דעם בויך, וואס איז געליגן אויף אים שטענדיק; מיט דער צייט האב איך זיך ווי־עס־איז צוגעוווינט צו אים. און אז כ׳בין שוין ארויס אויף דער פריי, האב איך נישט געקאנט שלאפן, אויב כ׳האב זיך נישט צוגעלייגט צו דעם פלאץ עפעס א הארטע און אנבאקוועמע זאך...

אונזער חלום איז געווען ארויסצוגייען אין דרויסן, זיך ארומדרייען אויף דערפריי און קאנען עסן א שטיקל ברויט... דער פויער האט טאקע לעצטנס אנגעהויבן צו ברענגען מער עסן. ברויט, פוטער, מארמאלאד — וואס איז געשען? אפשר וויל ער גאר פון אונז פטור ווערן? ס'האט זיך, אבער, ארויסגעוויזן, אז דאס איז געווען צוליב אן אנדער סיבה: די דייטשן האבן זיך אנגעהויבן צוריקצוציען פון סטאלינגראד...

און דערווייל האט זיך דער פראנט געגומען דערנענטערן צו אונז. מ'האט שוין געהערט עפטער שיסערייען אין דער סביבה. דער וואלד אליין האט שוין געגומען ווימלען מיט מיליטער און אנדערע פרעמדע מענטשן. מיר ליגן שוין דא 19־20 מאנאטן — די געפאר ווערט גרעסער, אבער ס'וואקסט אויך די האפנונג — אפשר וועלן מיר דאך קאנען איבערלעבן...



און דערווייל זענען מיר הונגעריק. איינמאל, אין דער פרי, גיי איך ארויס פון בונקער ברענגען אביסל וואסער. דערזע איך נישט ווייט פונם בונקער א דערשאסענעם הירש; די דייטשן האבן אים ווארשיינלעך מיט א קויל אוועקגעלייגט. אבער וואס טוט מען מיט אזא גרויסע חיה? קודם־כל האב איך מיט א מעסערל ארויסגענומען די לונג־און לעבער און געמאכט א גוט מאלצייט. דערנאך האבן מיר אנגעהויבן זוכן א וועג ווי אזוי צו נוצן דאס פלייש. מיר האבן אויסגעגראבן א גרוב, אנגעפולט מיט שניי און דארט אריינ געלעגט דעם הירש. צוויי מאנאטן האבן מיר פון אים געגעסן.

מיר האבן אויך געהאט א באהאלטענע קיך פון 2 שטיינער. דער רויך איז געפירט געווארן אונטער דער ערד צענדליקער מעטערס, און אויפן וועג איז ער צונישט געווארן; אזוי האבן מיר באהאלטן דעם רויך.

אינערוועניק האבן מיר געהאט א דרייער לעמפל און מיט 1 ליטער נאפט האבן מיר זיך געגוצט 2 מאנאטן; מיר האבן נישט געברענט כסדר — נאר אין נויט פאלן. פייער האבן מיר געמאכט רייבנדיק צוויי שטיינער צווישן געטריקנט פארפוילט האלץ; דאס פלעגט זיך אנכאפן...



יעדן טאג פלעג איך דאווענען זיצנדיק אויף א בוים. איינמאל, זיצנדיק אויפן בוים, דערהער פלוצים א קול, וועלכעס דערנענטערט זיך; כ'בין שנעל

אראפ פון בוים און אריין אין בונקער. דאס קול איז געווען פון 2־3 דייטשן, וועלכע האבן זיך געזעצט נישט ווייט פון בונקער. אונזער אטעם איינגעהאלטן און מיין האנד שטרעקט אויס צו די האנד־גראנאטן, וועלכע ס׳האט אונז באזארגט דער פויער; אין אזא פאל קאן עס צונוצקומען. דאס רעדן האט גענומען א האלבע שעה — אפשר א שעה — און ס׳איז שטיל געווארן... מיר האבן אביסל פרייער אפגעאטעמט, אבער די שרעק איז געווען אזוי גרויס, אז אונזערע פיס זענען אפגעשטארבן... נאך אפאר שעה זענען מיר געקומען צו־זיך און לאנגזאם ארויסגעקראכן פון בונקער. געטראפן דארט אביסל שנאפס אין א פלעשל, א שטיקל ברויט, א האלב שעכטל סארדינען און אפילו א שטיקל שאקאלאד. מיר האבן אפילו געפונען א פלוגבלעטל ווו ס׳איז געווען אן אויפרוף פונם דייטשישן גענעראל פאולוס, וועלכער איז געהאנגען געווארן אין סטאלינגראד. אינם אויפרוף ווארנט ער דאס דייטשע מיליטער נישט צו פארגיסן אומזיסט דאס בלוט: היטלער האט דעם קריג פארלוירן; יעצט וויל ער פארניכטן דאס דייטשע פאלק.



דער פראנט דערנענטערט זיך אלץ מער און מער. מען הערט שיסערייען און אויראפלאנען. דאס עסן איז ווידער אויסגעגאנגען — וועלן מיר דערלעבן? א שבת אין דערפרי בין איך ארויס ברענגען וואסער. צוריקגייענדיק הער איך נעבן בונקער הויך רעדן. דאס איז געווען אונזער פויער, וועלכער איז אונז געקומען אנזאגן די בשורה: דאס רוסישע מיליטער איז שוין אריבער אונזער סביבה — מיר זענען פריי!

משה פראם
חיפה

# א באזוך אין טורקה אין 1957

אין יאר 1957 בין איך אלס פוילישער בירגער געפארן אויף א באזוך קיין טורקא, וועלכע געפינט זיך היינט אין די גרעניצן פון ראטן־פארבאנד. באוויגן האבן מיך דערצו צוויי סיבות: ערשטנס האב איך געוואלט באזוכן די געגנט, ווו איך בין געבוירן געווארן און פארברענגט כמעט די גרעסטע צייט פון מיין יוגנט און ווו עס איז טראגיש אומגעקומען אין די פינסטערע טעג פון דער נאצישער אקופאציע כמעט אלע מיינע קרובים און באקאנטע. צווייטנס האב איך געוואלט באזוכן די אכט יידישע משפחות, וועלכע האבן דאן געוווינט אין טורקא, צווישן וועלכע ס'זענען געוועזן מיינע גוטע חברים, צו וועלכע כ'האב געהאט א ספעציעלן סענטימענט, און מיט וועלכע כ'בין געשטאנען אין א בריוולעכן קאנטאקט.

ארויסגעפארן בין איך מיט אן עקספרעס צוג פון דער שטאט שטשעטשין, וועלכע געפונט זיך אויף דער פויליש־דייטשער גרענעץ, אין צפון־מערב, ביים באלטישן ים. נאך 20 שעה פארן האב איך זיך שוין געפונען ביי דער סאוויע־טישער גרענעץ, נישט וויט פון פשעמישל. די קאנטראל פארמאליטעטן האבן נישט געדויערט לאנג און מיר זענען איבערגעשטיגן אויף א סאוויעטישער באן; גאר שנעל האבן מיר זיך געפונען אויפן באן־הויף פון לעמבערג.

## לעמבערג אמאל

לעמבערג, די צענטראל שטאט פון גאליציען — ווער פון אונז געדענקט זי נישט?! דא האט זיך געפונען דער מרכז פון „החלוץ" און די צענטראלעס פון אלע יוגנט־ארגאניזאציעס. אהער פלעגן קומען טויזנטער חלוצים דערלעדיקן זייערע ענינים פון הכשרה און עליה; דא האבן זיך געלערנט אין די מיטל־שולן און אין די אוניווערזיטעטן פיל יידישע יוגנט פון מזרח־גאליציען. טויזנטער יידישע סוחרים פלעגן קומען אהער פון אלע ארומיקע שטעט און שטעטלעך דערלעדיקן זייערע האנדלס־אנגעלעגנהייטן. דער גרויסער און מאדערנער באן־הויף מיט זיינע אונטערערדישע טונעלן פלעגט זיין פול, טאג, און נאכט, מיט

יידישע פאסאזשירן, וועלכע פלעגן פארפילן אלע ווארטע־האלעס און אלע קומענדע און אפפארנדע צוגן.

אינסטינקטיוו האט מיך מיין זכרון אוועקגעטראגן אין יענע צייטן פון פאר־מלחמה, און עס האט זיך מיר אויסגעדאכט, אז אָט־אָט וועט פון איינעם פון די טונעלן ארויסקומען זלמן־נחום צולינגער און ישראל פרוקער, באלאדענע מיט פעקלעך. זיי פלעגן עס קומען אהער יעדן אינדערפרי אכט אזייגער און במשך פון טאג פלעגן זיי דערלעדיקן פארשידענע ענינים, וואס די טורקער סוחרים פלעגן זיי מיטגעבן. דורך זיי האט מען געקאנט קויפן און פארקויפן וואלוטן פון דער גארער וועלט. זיי פלעגן איינקויפן און טאקע באלד מיטברענגען מיט זיך כל־מיני סחורות, וואס מ׳פלעגט ביי זיי באשטעלן. אכט אזייגער ביינאכט פלעגן זיי שוין זיין צוריק אין טורקא, ווו ס׳פלעגן שוין אויף זיי ווארטן די פאראינטערעסירטע און אפנעמען זייערע פעקלעך. און אט, דוכט זיך, וועלן באלד ארויסקומען די טורקער סוחרים, פארטרעטער פון פארשידענע האנדלס־בראנזשן און יעדער פון זיי וועט זיך איילן צו זיינע געשעפטן. געפילט האט זיך דא יעדער ווי ביי זיך אין דער היים, און אפילו נאך בעסער און פרייער... דא האט מען זיך געקאנט דערלויבן אויף א סך זאכן, וואס אין דערהיים האט מען דאס צוליב פארשידענע סיבות נישט געקאנט טון...

און היינט...

דער מיקראפאן פון באן־הויף, וועלכער האט יעדע מינוט איבערגעגעבן אין דער רוסישער שפראך וועגן אנקומענדע און אפגייענדע צוגן, האט מיך ארויסגענומען פון מיינע מחשבות פון די פאר־מלחמה צייטן און מיך דערמאנט, דאס איך געפון זיך אין א גאנץ נייַ לעמבערג, און אז פון דעם אלעם, וואס איז אמאל געווען איז שוין קיין זכר נישט פארבליבן.

ערשט שפעט ביינאכט, ארום איינס אזייגער, בין איך ארויסגעפארן קיין טורקא מיטן צוג, וואס פארט פון לעמבערג קיין אוזשגעראד (אונגוואר) דורך סאמבאר־שאנקי. טראָץ דעם וואס כ׳בין געווען מיד פון דער רייזע און ערשעפט פון די פיל איינדריקן אין וועג, האב איך בשום־אופן נישט געקאנט איינדרימלען אפילו אויף א מינוט. כאטש ס׳איז געווען פינסטער אין דרויסן, האב איך אלץ ארויסגעקוקט דורכן פענסטער און געפרווט צו דערקענען די געגנט, דורך וועלכער כ׳בין דורכגעפארן און וועלכע איז מיר געווען אזוי באקאנט. אט בלייבן מיר שטייען אין די אמאל־געוועזענע יידישע שטעטלעך, ווי קאמארנע,

רודקי, סאמבאר, סטארי־סאמבאר. אט פארן מיר דורך באקאנטע דערפער, ווו נשט וועניק יידן האבן דארט געוווינט — סטשילקי, יאסעניצקא, ראזליטש, יאוואר און אנדערע. אויפן גאנצן וועג הערשט א טויטע שטילקייט. ערגעץ־ווו זעט מען א ליכט פון א נאפט־לאמפ דורך א פענסטער פון א פויערישער כאטע. מיר פארן א דורך דעם יאווארער טונעל און דער צוג דערנענטערט זיך צו טורקא. אט איז שוין דאס ארט, ווו ס'איז אמאל געשטאנען דער גרויסער טארטאק. היינט איז דארט פארבליבן בלויז א נאקעטער פלאץ, און מ'דערקאנט נישט אפילו, אז דא איז געווען אמאל א גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונג, וועלכע האט באשעפטיקט הונדערטער ארבייטער, און פון וועלכער פיל יידישע משפחות אין שטעטל האבן געצויגן פרנסה.

## ט ו ר ק א

מיט א יאמערלעכן סיגנאל פון לאקאמאטיוו פארן מיר אריין אין לעצטן טונעל — און שוין זעען מיר אין דער צווייטער זייט אויף די וויאדוקטן, וועלכע ציען זיך דורך דער ברייט פון דער שטאט כמעט ביז צו דער באן־סטאציע.

א טויט־שטילקייט האט געהערשט אויף דעם באן־הויף. אין ווארטע זאל זענען געזעסן א פאר פארשלאפענע סאלדאטן, רויט־ארמייער, און עס האבן זיך ארומגעדרייט עטלעכע ארבייטער פון באן פערסאנאל. עס איז פארטאג; עס האט נאר אנגעהויבן צו טאגן. איך האב זיך נייגעריג ארומגעקוקט ארום זיך און אראפגעלאזט זיך אין שטאט אריין.

די ערשטע שריט האב איך געווענדעט צו מיין חבר לעמל בראנדלשטיין, וועלכער האט דאמאלס געארבעט אלס דירעקטאר פון דער מיטלשול און געוווינט אויף דער פאליני, נעבן דעם גרויסן בנין פון דער שול, אקעגנאיבער דער רוימיש־קאטוילישער קירכע. קיין טורקא איז לעמל צוריקגעקומען מיט זיין משפחה — א פרוי מיט צוויי קינדער — באלד נאכן באפרייען פון דער שטאט. דא האט ער געטראפן זיין מוטער, וועלכער האט זיך אויסבעהאלטן ביי קריסטן. זי איז געווען די איינציקע יידישע פרוי פון עלטערן דור וועמען קריסטן, גוטע מענטשן, האבן גענומען צו זיך און אויסבאהאלטן ביז די שטאט איז באפרייט געווארן דורך דער סאוויעטישער ארמיי.

# חוה די באבע

ווען איך האב זי דערזען, האט זי געמאכט אויף מיר א שרעקלעכן איינדרוק. זי האט אויסגעזען זער שלעכט, פיל עלטער ווי אין דערווירקלעכקייט. קיין איין צאן אין מויל, שוואך געהערט, און די איינגעפאלענע אויגן האבן קוים געזען די שיין. דאס וואס זי איז געווען באהאלטן אין א קעלער, אן לופט און ליכט, האט רואינירט איר קערפער; אבער דאגעגן דעם איז זי געווען ביים פולן שכל. ווען לעמעל האט איר געפרעגט צו זי דערקענט מיך, האט זי מיט הומאר און שלאגפערטיק אפגעענטפערט: „א שאלה צו איך געדענק אים; איך האב אים פריער אין מיינע הענט געהאלטן, ווי זיין אייגענע מאמע האט אים געזען!"



המיילדת חוה. חוה די אקושערין.

און טאקע באמת. וועלכעס קינד אין אונזער שטעטל איז נישט דורכגע־גאנגען דורך די זארגפולע און איידעלע הענט פון „חוה די באבע". זי איז דאך געווען א לאנגע צייט כמעט די איינציקע אקושערין אין דער געגנט. דער אכזרדיקער גורל האט דווקא געוואלט, אז די יעניקע, וואס איז אנוועזנט געווען

ביים געבוירן פון אלע קינדער איך שטאט און האט געהערט זייער ערשטן לעבנס־געשריי, וועלכער האט אנגעזאגט זייער קומען אויף דער וועלט — זאל אויך איבערלעבן די שרעקלעכע טראגעדיע פון זייער אומקום. מיט אירע אייגענע אויגן האט זי געזען ווי הונדערטער קינדער, וועלכער זענען אזוי צערטלעך ערצויגן געווארן דורך זייערע יידישע מאמעס און טאטעס, זענען מאסנווייז אן א פארוואס דערמארדעט געווארן דורך די דייטשן און זייערע אוקראינישע מיט־העלפער אויף א נישט־מענשלעכן אופן. און יעצט, ווען די כוחות האבן זי פארלאזט און פון לעבן האט זי שוין נישט קיין סך צו דערווארטן, איז ביי איר געבליבן איין־איינציקע בקשה צום רבונו־של־עולם — זי זאל קאנען קומען צו קבר ישראל. זי האט מיט מיר וועגן דעם א פאר מאל גערעט און זיך באקלאגט, אז דאס בית־הקברות איז פארנאכלעסיגט, דער פארקאן צובראכן און גויים פאשן דארט בהמות און קאזעס. און איר בקשה איז דערפילט געווארן (ווי ס'האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן): זי האט נאך באוויזן אריבערצופארן אין די ראמען פון דער רעפאטריאציע קיין פוילן און דארט איז זי געשטארבן



משארית הפליטה

און געקומען צו קבורה כדת וכדין אויף דעם יידישן בית הקברות אין דער נידערשלעזישער שטאט וואלבזשיך. תהא נשמתה צרורה בצרור החיים.

## א גאסט אין שטעטל...

די ידיעה, אז ס׳איז געקומען א גאסט אין שטעטל אריין האט זיך שנעל פארשפרייט צווישן די פאר יידישע משפחות, וואס האבן דארט געוווינט, און נאך איידער איך האב באוויזן זיך אויסצורוען פון ווייטן וועג זענען כמעט אלע געקומען צו לעמלען אין דער וווינונג, און בראניע, זיין ווייב, האט שנעל געדעקט די טישן מיט בראנפן און וויין און פארשידענע גוטע זאכן צום פארבייסן — און מען האט געטרונקען „לחיים״ לכבוד דער באגעגעניש פון גוטע חברים.

יעדער פון אונז האט געפילט א ווייטיק אין הארץ. די אויגן זענען פארגאנגען מיט טרערן און די ווערטער האבן געשטיקט אין האלז. איינער האט געקוקט אויפן צווייטן און נישט געקאנט ארויסזאגן קייןווארט. איך האב זיך געפילט ווי א יתום, וועלכער קומט אויפן בית־עולם און שטייט ביים פרישן קבר און קאן נישט אנהויבן דעם קדיש... כדי צו פארגעסן אביסל די צרות און שאפן א קינסטלערישן הומאר, האבן מיר אויסגעטרונקען א פאר פלעשלעך בראנפן און ביז אין דער שפעטער נאכט אריין האט מען זיך דערציילט די נסים, ווי אזוי יעדע פון אונז איז ארויס א לעבעדיקער פון דעם שרעקלעכן קאטאקליזם.

## מיט שווער געמיט...

דעם צווייטן טאג בין איך אויפגעשטאנען מיט א קאפווייטיק און א שווער געמיט. איך האב אפגעגעסן פרישטיק און ארויס אויפן ערשטן שפאציר אין שטעטל אריין. דאס וועטער איז געווען אויסערגעוויינלעך שען. די זון האט זיך נאר־וואס באפרייט פונם געדיכטן נעפל און באשיינט די הערלעכע פאנאראמע פון די קארפאטן בערג. דאס שטעטל איז געלעגן אין טאל צופוסנס די צוויי הויכע בערג שימאנקא און קיטשערא.

כ׳בין געגאנגען אויף דער גאס פון דער גרויסער שולע, נעבן דעם בנין פון נייעם געריכט, אראפ אין רינעק אריין. דער וועג איז געווען שטארק פארניכטעט, לויטער שטיינער און גריבער. זייט כ׳האב פארלאזט די שטאט

מיט פופצען יאר צוריק, האט מען דא, ווייזט אויס, קיין שום רעמאנט נישט געמאכט. די הייזער פארנאכלעסיגט, און כאטש אין דער שטאט גופא זענען קיין שום מלחמה אפעראציעס נישט דורכגעפירט געווארן, זענען א סך הייזער דאס רוב יידישע, איינגעפאלן און צענומען געווארן.

איך דריי זיך ארייין אין דער שול גאס. אמאל האט עס געהייסן „אוליצא באזשניטשא". עפעס א מאדנער געפיל נעמט מיך ארום, א געמיש פון זכרונות און רעפלעקסן. עס איז יעצט חודש אלול. אמאל אין די צייט פלעגט דא זיין געדיכט פון יידן, וועלכע פלעגן גייען פון דאווענען מיט תפילין־זעקלעך און טליתים; יעדער האט זיך געאײלט אפצודאווענען מיטן ערשטן מנין און לויפן צו זיינע געשעפטן. פון אלע זייטן האט מען שוין געהערט שופר־בלאזן, עס איז שוין געווען די צייט פון סליחות און אין דער לופט האט מען שוין געפילט די ימים נוראים.

דא אויף דעם פלאץ האבן זיך קאנצענטרירט אלע בתי־תפילות; אהער פלעגן איילן חסידים פון פארשידענע „הויפן", וועלכע האבן דא געהאט יעדער זיין באזונדערן קלויז. בעלזער, טשארטקאווער און סאדאגורער. די מתנגדים פלעגן דאווענען אין דער גרויסער שול אדער ביים גאלאגארער רב, הרב אליעזר מישל זצ"ל. די קצבים האבן באזעצט דאס מתעסקים שולכל צוזאמען מיט דער חברה קדושה. אפילו די שניידערס האבן דא אויך געהאט זייער באזונדער מנין.

און אויב דאס אלץ איז נאך וויייניק, איז נאך אחוץ דעם געווען א פאר „פריוואטע" מנינים, ווו ס'האט אויך נישט געפעלט קיין מתפללים, ווי למשל ביים סאמבארער רבין, ביים דיין ר' יודעלע, ביים וואניוויטשער רבין, וועלכער האט געהאט אין שטאט זיינע אייגענע חסידים. אויך די ציוניסטן האבן געהאט זייער מנין אין נאציאנאל־הויז, ווו ס'האבן אויך געדאווענט ראש־השנה און יום־כיפור די שטאטישע פראפעסיאנעלע אינטעליגענץ, וועלכע איז באשטאנען פון א פאר דאקטוירים און אדוואקאטן.

## פארוויסט און פארניכטעט

און היינט... היינט הערשט דא א טויט שטילקייט. מ'זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש. דעם בית מדרש און דעם טשארטקאווער קלויז האט מען פארוואנדלט אין א מאגאזין פון עפעס א טישלער קאאפעראטיוו. דער סאדא־

גורער קלויז איז פארניכטעט געווארן, אפילו קיין זכר איז פון אים נישט געבליבן. אין דער גרויסער שול האט מען אריינגעשטעלט א דיזל מאטאר און זי דינט יעצט אלס אן עלעקטרא־סטאציע. בשעת אריינשטעלן די מאשינען איז דערהרגט געווארן אן ארבעטער — האבן גויים געזאגט, אז דאס איז געווען א שטראף פון גאט...

דאס געדיכט באוואינטע פערטל, וועלכעס מ׳האט גערופן „אונטער דער שול" איז אין גאנצן פארניכטעט געווארן. די יידישע ארעמע און עלענדע הייזלעך, וועלכע האבן זיך געצויגן לענגאויס דעם טייך יאבלאנקא, פון דער באד ביז אין פאטיק אריין, זענען מער נישט פאראן; קיין איינם איז פון זיי נישט ניצול געווארן. אהינגעקומען צוזאמען מיט זייערע ארעמע איינוווינער.

ווען כ׳פלעג פאר דער מלחמה דורכגיין אונטער דער שול און קוקן אויף די ארעמע און עלנדע הייזלעך מיט די שטעלעכלעך פאר די קאזעס, האט זיך מיר געדאכט, אז פון זיי האט עס דער גרויסער יידישער מאלער מארק שאגאל אראפגענומען דעם מאדעל צו זיינע כאראקטער־בילדער, וועלכע אילוסטרירן דעם עלנט אין דעם יידישן שטעטל.

אביסל פרייער און רחבותדיקער זעהט אויס די גאס, וועלכע פירט אויפן „לאקעטש". דא האט זיך כמעט גארנישט געענדערט. נאך דער בריק צוטיילט זיך דער וועג אויף דריי זייטן: די רעכטע זייט פירט צו דער טארגאוויצע; לינקס גייט מען צו דער סקאלע, אויך א טיפיש יידיש געסעלע, ווו ס׳האבן געוואינט די קצבים חיים וואלף זייפערט און משה־יאנטשע ניסטל מיט זיין ווייב חנה־דבורה „טראסק", וועלכע פלעגט פרייליך מאכן יעדן פרימארגן מיט אירע פעטע קללות.

אמאל איז דא אין געסל לעבעדיק געווען, ווען אין אביש נאסאלעס הויז האט זיך געפונען דאס לאקאל פון „השומר־הצעיר". יעדע נאכט פלעגט זיך פון דאנען צוטראגן איבער דער שטאט דער רעש פונם אימפולסיוון האָרא־טאנץ, אדער די סענטימענטאלע מעלאדיעס פון די יידישע און העברעישע לידער, וועלכע די יוגנט פלעגט זינגען ביי פארלאשענעם ליכט אדער אויפן בארג, וואס איבערן געסל. באזונדערס פריילעך פלעגט זיין שבת נאכמיטאג, ווען די שומרים, אויסגעפוצט אין סקויטישע מונדירן און פארביקע עניבות, פלעגן ארויפמארשירן אויפן בארג נעבן ווייסמאנס הויז און פון דארטן אין די וועלדער פון זוויריניץ, אדער זיך באדן אין טייך סטרי נעבן יאווארער טונעל. אין דיסציפלינירטע רייען און אין טאקט פון פריילעכע וואנדער־לידער

פלעגן זיי מארשירן מיט שטאלץ; קליינע קינדער זענען זיי נאכגעלאפן אין די זייטן פון וועג, און האבן זיי שטארק מקנא געווען...

און לענג אויס דער ברייטער גאס שטייען נאך די יידישע הייזער, כאטש זייערע בעלי־בתים זענען שוין מער נישטא... ס'איז אפילו נישטא, ווער ס'זאל מאנען די ירושה. באזונדערס בולט זעען זיך ארויס די הייזער פון די ברידער וואליע און יעקב־הערש קאנקע, פון ישראל לאנגענויער ווי אויך די בעקעריי פון מרדכי ארדמאן. אויך די הייזער ביי דער גאס, וועלכע פירן צו דער טארגאוויצע, זענען געבליבן גאנץ. על־פי־רוב זענען זיי באוווינט דורך משפחות פון מיליטער־לייט, וועלכע סטאציאנירן ארום דער שטאט, און אויך דורך טשינאווניקעס, וועלכע זענען אהערגעקומען פון מזרח אוקראינע.



א מאדנע געפיל האט מיך באהערשט ווען כ'בין צוגעקומען צום רינעק. אמאל איז דא געווען דער הויפט־צענטר פון שטאט. ארום דעם ברייטן ראטהויז, אין דער פארם פון פירעק, זענען געשטאנען די הייזער פון כמעט אלע בכבודיקע בעלי־בתים פון שטאט. בשעת דער ערשטער וועלט מלחמה זענען דא פארברענט געווארן אלע הילצערנע הייזער און אויף זייער ארט האט מען אויפגעבויט ניי ע, פארהעלטניס מעסיק גאנץ שענע, שטארקע הייזער. טויזנטער פויערים פלעגן פארפילן דעם פלאץ ארום דעם ראטהויז און פארקויפן זייער לאנדווירטשאפטלעכע פראדוקטן און איבערלאזן דאס געלט אין די יידישע געשעפטן, וועלכע פלעגן זיי באזארגן מיט אלעם, וואס זיי האבן נאר געברויכט.

ווער געדענקט דען נישט א מיטוואכדיקן מארק־טאג אין שטעטל. ס'שטעטל איז געווען פול מיט מענטשן, ס'איז שווער געווען דורכצוגייען די גאסן. ביז שפעט אין דערנאכט זענען די געשעפטן געווען פול מיט קונים. אין די שענקען און גאסטהייזער פלעגן דערענדיקן זייער מסחרים די קאניעכעס און די קצבים; ביי א גלאז בראנפן באשטימען דעם מקח, קלאפנדיק דערביי אין די הענט אריין — און די קולות זענען געגאנגען עד לב השמים...

היינט איז דא רואיק... קיין זכר פון דעם אלעם איז נישט געבליבן. מארקטעג און יארידים קומען דא מער נישט פאר. אויפן רינג־פלאץ, צווישן ראטהויז און די ריי הייזער, וואס האבן געהערט צו משה רייטער, הערש־לייב שרייבער, לייזער שטערן און אנדערע — האט מען פארזעצט בוימער, טאפאלעס,

וועלכע האבן זיך צוזוואקסן ווילד, אין דער הויך ווי אין דער ברייט, און געבילדעט א משונהדיק וועלדל, אין וועלכן ס׳שפּילן זיך קינדער פון צייגיינער, וועלכע באוווינען די הייזער פון שמואל־נחום שיין און לייזער שטערן.

אקעגנאיבער, אין דער צווייטער זייט ראטהויז, אין די הייזער פון סענדער גאלדרייך און משה שטייגער, געפינט זיך דאס געריכט (פונם גרויסן בנין, ווו ס׳איז געווען אמאל דאס געריכט, האט מען געמאכט קאשארן פאר די גרענעץ נ.ק.וו.ד.). דאס הויז פון אביש ערטעל, חיים הירשס איידעם, איז באזעצט דורך דער שטאטישער מיליץ; אויך בשעת דער דייטשער אקופּאציע איז דא געווען די געסטאפּא.



אויסערלעך האט זיך דא, אין דער זייט, כמעט ווי גארנישט געענדערט... אינם גארטן, וועלכער איז פארפלאנצט געווארן נאך אין די פאר־מלחמה יארן, איז בלויז צוגעקומען סטאלינס א דענקמאל (ווער ווייסט — אפשר יעצט אין יאר 1966 איז שוין דער דענקמאל נישטא...) און אין דעם ווינקל פאר די הייזער פון משה גראסמאן און שלמה ריכטער שטייט א מין ערנטאפל פאר ארבעטער, וועלכע צייכנען זיך אויס מיט הויכע ארויסגעביקייט ב״י זייער ארבעט. צו דעם צוועק האט מען אראפּגענומען די מארמאר־מצבה פון ד״ר טורנהיים, וועלכע איז געשטאנען אין דער הויך אויף דעם בית־עולם. דעם שווארצן מארמאר האט מען ארויפגעשטעלט אויף א פּוסטאמענט, פארדעקט די אויפשריפט, און אין א ראַם אונטער גלאז ארייננעשטעלט בילדלעך פון „סטאכאנאווצעס״, שאפנדיק אזויארום א ביליקן און פרימיטיוון אגיטאציע פונקט.

אין דער זייט פון רינעק, וואס ציט זיך פאראלעל צו די וויאדוקטן זענען נאך שטיינגעבליבן די הייזער פון שלמה ריכטער, זיינוואל ברענעס, הערש אייגלער, און מיין טאטנס הויז, ווו כ׳האב געוווינט ביז יוני 1941. די אנדערע הייזער האבן נישט אויסגעהאלטן די שטארקע דעטאנאציעס פון די עקספּלאזיעס ביים אויפרייסן די וויאדוקטן און זענען איינגעפאלן.

די וויאדוקטן, וועלכע זענען צוריק אויפגעבויט געווארן, האבן פארלוירן זייער אמאליקן פראכט און שענקייט. מ׳האט נאר אריבערגעלייגט בעטאן פּלאטן איבער די איבערגעבליבענע פּילארן, איגנארירנדיק דאביי אינגאנצן די עלעמענ־טארסטע פארלאנגען פון דער ארכיטעקטור. לענג אויס די וויאדוקטן, פון דעם

טונעל ביז דער באן־סטאציע, זענען אויסגעצויגן שטעכעדיקע דראטן איןביידע זייטן, אזוי אז קיין לעבעדיק נפש קאן נישט צוקומען נאנט צום טייך יאבלונקא. טאג און נאכט היטן דארט באוואפנטע סאלדאטן. פריי איז בלויז דער דורכגאנג דורך דער ענגל־בריק, וועלכע פירט פון דעם רינעק אינם צווייטן טייל פונם שטעטל, וואס איז באקאנט אונטער דעם נאמען איליצע.

## אין גוטע צייטן

אין די גוטע צייטן, פאר דעם חורבן, איז די איליצע געווען דער צענטער פון שטאט. דא האבן זיך קאנצענטרירט דאס רוב האנדעלס געשעפטן, וועלכע האבן זיך געצויגן לענג אויס דער הויפט־גאס, פון דער בריק ביז צום בנין פון דער סטאראסטווע. געוועלבער איינס נעבן צווייטן, פול מיט אלערליי סחורות, פלעגן פירן א שטארקע קאנקורענץ צווישן זיך. די סוחרים פלעגן קעמפן דא פאר יעדן קונה און אפטמאל פלעגט עס צוקומען צו קריגערייען און אפילו צו געשלעג. די פויערים, וואס פלעגן קומען אהער פון די ארומיקע דערפער, פלעגן פארקויפן דא אייער, עופות, שוואמען, יאגאדעס און אנדערע פראדוקטן — און פאר דעם געלט איינקויפן זאלץ, נאפט, שיך און אנדערע סחורות. זער אָפט פלעגט מען טוישן איין סחורה פאר דער אנדערע, נישט באנוצנדיק זיך מיט קיין געלט... א גאנצע וואך פלעגט דא זיין א רעש און א באוועגונג, און באזונדערס מיטוואך, ווען ס'איז געווען דער שטענדיקער מארק־טאג, האט מען נישט געקאנט אריבערגיין די גאס. אין אלע ווינקלען זענען געשטאנען פויערישע וועגנס און די געשעפטן איבערפולט מיט קונים, צווישן זיי אויך אזעלכע, וועלכע פלעגן קומען נישט קויפן נאר סתם אביסל גנבענען...

צוויי טעג אין דער וואך, שבת און זונטיק, זענען די געשעפטן געווען צוגעמאכט, דאמאלס פלעגן די סוחרים ארויס אין גאס אדער זיצן אין קאפע הויז ביי לייזער מיינער און ביי הערש ליבערבוים ביי א גלעזל טיי און פירן פאליטיק.

פרייטיק פארנאכט, פאר ליכטצינדן, האט זיך באוויזן איציק־אהרן דער שמש מיט זיין הילצערנעם האמער און פלעגט קלאפן איבער די טירן פון די גע־וועלבן — צוזויסן צוגעבן דעם עולם, אז דער הייליקער שבת קומט אן. און טאקע באלד האבן זיך צוגעמאכט די געשעפטן, איינס נאכן אנדערן, די בעקערס פלעגן שוין פארקלעבן די אויוונס נאכן פאריקען דעם טשאלנט. אין די פענסטער האבן זיך אנגעהויבן באווייזן אנגעצונדענע ליכט. דאס שטעטל האט זיך געגרייט צו קבלת שבת.

און צומארגנס אין דערפרי — ווי לעבעדיק און פריילעך פלעגט זיין אין שטעטל! טויזנטער יוגנטלעכע האבן פארפילט די געסלעך און די לאקאלן פון די יוגנט ארגאניזאציעס. אויף די בערג, וואס ארום דער שטאט, און ביי די טייכן פלעגן ווי פולפארביקע בלומען ארויסוואקסן יידישע קינדער, יום־טוב־דיק געקליידעט, פריילעך און זארגלאז זיך שפילן אין שויס פון דער שענער נאטור.

דער עלטערער דור פלעגט כאפן א דרימל נאכן געשמאקן טשאלנט און פעטן קוגעל און שפעטער זיך דורכגיין שפאצירן אין וועלדל נעבן אפטייקער, אדער ארויף ביז צום שפיטאל שעפן א ביסל פרישע לופט און אננעמען פרישע כוחות צו דער נייער וואך, וואס וועט זיך אנהויבן באלד נאך דער הבדלה.

די סאציאל־עקאנאמישע סטרוקטור פון דער באפעלקערונג האט זיך דא במשך פון דורות כמעט נישט געענדערט. די הויפט פרנסות ביי יידן זענען געווען דער האנדל, א ביסל האנדווערקעריי און דאס רעשט האט נישט געהאט קיין קאנקרעטע באשעפטיקונג; מען האט געלעבט פון דער „לופט” איינער פון צווייטן... מ׳איז געווען מעקלערס, דארפסגייערס, בעלי־עגלות, שדכנים, מלמדים און סתם ליידיקגייערס. אויסער די עטלעכע טארטאקן און די פרימיטיווע צעגעלניע, וועלכע פלעגט מער שטייען ווי ארבעטן, איז אין דער גאנצער געגנט קיין שום אינדוסטריעלע אונטערנעמונג נישט געווען.

א דאנק דעם, וואס ס׳שטעטל איז געווען אר׳ומגערינגלט מיט א גרויסע צאל דערפער, האט עס זיך געקאנט אויסהאלטן אלס אדמיניסטראטיווער און האנדלס צענטער. די יידישע באפעלקערונג האט געפירט אן ארעם אבער גאנץ בעל־בתיש לעבן, און כאטש קיין גרויסע גליקן האט מען נישט געמאכט און קיין פערעספעקטיוו אויף א בעסערע צוקונפט איז אויך נישט געווען, האט מען געשטופט א וואך נאך א וואך און גלייכגילטיק געווארט וואס דער גורל וועט ברענגען.

## פאראט פונם גורל

און דער גורל האט אכזריותדיק פאראטן. אין פארלויף פון דריי יאר, 1941—1944, האבן די דייטשן מיט דער הילף פון די ארטיקע אוקראינער אומגעבראכט די גאנצע יידישע באפעלקערונג אין שטאט און אומגעבונג. קיין

איין משפחה האט זיך נישט געקאנט ראטעווען. ווי דרעסירטע שפיר הינט האבן זיי אויסגעפונען אלע יידן. און די יעניקע, וועלכע האבן זיך געוואלט פארן פרייז פון געלט און צירונג אויסבעהאלטן ביי די ארטיקע גוים, האבן אויך נישט אויסגעמיטן דעם שרעקלעכן גורל. די גוים פלעגן ביי זיי צונעמען דאס גאנצע פארמעגן און דערנאך אויף א בעסטיאלן אופן אליין הרגענען אדער איבערגעבן דער געסטאפא.

געבליבן זענען בלויז די ידישע הייזער פארלאזט און פאריתומט, וואס דערמאנען נאר אז דא איז געווען און געבליט א גרויסער יידישער ישוב. היינט זענען די הייזער באזעצט מיט אוקראאינער, וואס נישט ווייניק פון זיי האבן אויף זייער געוויסן דעם טויט פון א סך יידן. יעצט געניסן זיי און באנוצן זיך מיט דעם האב־און־גוטס פון זייערע קרבנות לויטן פרינציפ „רצחת וגם ירשת”. פון צייט־צו־צייט פארבלאנדזשעט אהער איינער פון די ווייניק־איבער־געבליבענע טורקער יידן, וועלכע לעבן עלנט און איינזאם אין פארשידענע שטעט אין ראטנפארבאנד. זיי ברענגט עס אהער דער פארבארגענער באגער צום יידישן שטעטל, ווו זיי זענען געבוירן און ערצויגן געווארן. זיי טרייבט עס אן אומבאפרידיקטער נייגער זיך זעלבסט איבערצוצייגן, צי איז באמת דער חורבן אזוי גרויס און אזוי שרעקלעך ווי מען דערציילט און ווי מען שרייבט...

און וויבאלד מ'שטעלט נאר דעם פוס אויף דער פארשאלטענער ערד און מען אטעמט איין די מיט מארדן און רציחות פארסמטער אטמאספער, פארקלעמט זיך דאס הארץ און עס נעמט אפ דאס לשון, עס ווילט זיך תכף צוריק, וואס ווייטער אנטלויפן און וואס שנעלער זיך באפרייען פונם שרעקלעכן קאשמאר.

די שטימע פנימער פון די אוקראאינער, וועלכע דו באגעגסט אין גאס, קוקן אויף דיר ווי אויף א צוריקגעקומענעם פון יענער־וועלט... עס אנטשטייט ביי דיר א מאדנער געפיל, עס דאכט זיך דיר, אז דו דארפסט גאר פאר זיי זיך פארענטפערן, וואס דו געפינסט זיך צווישן די לעבנס געבליבענע... פון אלע זייטן ארום דיר וועיעט א ווילדע פרעמדקייט און אן אומפארשטענדלעכע שנאה .דו פילסט זיך איינזאם, איבריק און נישט געוואונשן.

יעדער שפאן ערד איז דא דורכגעזאפט מיט יידיש בלוט, די ווענט באשפריצט מיטן מארך פון יידישע קינדער און ארום שוועבן די נשמות פון קברימלאזע מתים. און דו קומסט ענדליך צום באוווסטזיין, אז אונזער יידיש שטעטל מיט איר יידישער גרויסער אומגעבונג עקזיסטירט נישט מער — אויף אייביק געשטארבן...

# פינת יזכור

## לזכר אבי ר' ברוך הירט

הם היו שבעה ילדים, ארבעה אחים ושלש אחיות. כולם גדלו וחונכו ברוח התורה ובמסורת הדתית. אבי ז"ל היה הצעיר מהם.

על שלושה דברים היה מקפיד מאוד: אהבת רעים, מתן בסתר, ותלמוד תורה.

אף פעם לא קינא במישהו ולא נשא קנאה בלבו על משהו. מתן בסתר היה מקיים בצנעה עד כמה שידו היתה משגת. על תלמוד תורה היה אומר: תורה היא חיינו, ועץ חיים היא למחזיקים בה, ולכן לא מש הספר מפיו.

היה אב מסור לילדיו. חינך אותם ברוח של אהבה, מתוך הבנה מלאה לדרכם החדשה בחיים. שאיפתו היתה לעלות ארצה, דבר שלא זכה לו. יחד אתו נגדעו שלשה בנים ואמא ז"ל.

יהי זכרו וזכרם ברוכים.

בנו י. הירט

## לזכר משפחת בינדר

נחלה קטנה בטורקה עם משק קטן: קצת בעלי־חיים, קצת חקלאות והרבה חמימות משפחתית. אמא — ממש „א יידישע מאמע", טובת לב; השכילה ליצור ריעות בקרב כל שבעת הילדים, שהיינו בבית וכן יראת כבוד להורים. היא ניהלה את הבית ואת העסקים בטוב־טעם, ואילו ההחלטה באה תמיד מצד אבא. אבא, יהודי ירא שמים ושומר מצוות. איכר בימות הקיץ וסוחר בחורף.

אזכור את הבית היהודי החם בימי שבתות; אזכור את מוצאי־שבתות, עת התאספו השכנים בביתנו לעריכת „מלוה־מלכה". מספרים סיפורים, אוכלים את המאכלים המיוחדים ואת הבורשץ' הנודע.

אבא היה מוכן לעזור תמיד לזולת. גם בביקור חולים ובהלוויית המת, בכול ראה הוא אפשרות של מצווה וזכייתו של הגן־עדן בעולם האמת.

חיי המשפחה זרמו מתוך הבנה והערכה הדדיים. זכורה לי תמונה, שנחרתה בזיכרוני: אבא יושב ליד מנורת נפט, משקפיו על חוטמו, וקורא לפני אמא סיפור על רייזעלע, המודפס בעיתון יומי. לא אחת הסבה כל המשפחה, ואחד היה שר. התנהגות ההורים הנחילה לילדים יחס כבוד אליהם, להורים עצמם. וכשבאו הנאצים לקחת את אבא, יצאה אמא ממחבואה והצטרפה אליו. אכן, בחייהם ובמותם אל נפרדו...

אחותנו הגדולה רבקה — נפלה שדודה גם היא.

אחותנו מלכה, מצפונה ומוחה של המשפחה — נפלה גם היא בידי הצורר.

והאח יוסף, בעל הכישרון המוסיקלי, גם הוא סופו במשרפות מיידאנק.

ונשארנו ארבעה — שלושה בארץ ואח אחד בבלגיה. אם כי השתנו תנאי חיינו, אך הרבה ערכים מהבית אנו נושאים אתנו.

לא מעט הנחילה לנו גם תנועת השומר־הצעיר, לה השתייכנו. טוב שהיתה תנועה כזאת שחינכה לציונות ולעלייה.

דוד בינדר, חיים בינדר, הלה קושניר

## לזכר מנחם לנגינאור

אחי מנחם, בן רחל וישראל, נולד בשנת 1901 בטורקה בבית מסורתי חסידי, וקיבל חינוך דתי. בשנת 1914, כשפרצה מלחמת העולם הראשונה וצבאות הצאר שרפו את העיירה, ערכה כל המשפחה גלות בפראג הבירה. שם לומד הנער בבית ספר ערב לילדי הפליטים ומתחיל להבליט את כישרונו לציור. ביטוי לכישרון זה הוא ממשיך לתת בטורקה, לאחר שחזרנו אליה בשלהי המלחמה בשנת 1917, בציור התפאורות השונות להצגות התיאטרונים החובבים למיניהם.

ב־1929 יצא לארצות הברית. שם הקים משפחה יהודית מסורתית. שני בניו, אחד שירת כרב צבאי בצבא האמריקני, והשני רופא, מעורים בחיי היהדות בארצות הברית. הלשון העברית שגורה בפיהם כבפי נשותיהם — ובתיהם בתים עבריים למופת.

מנחם השתתף בפעילות בחיי התנועה העברית בארצות הברית.

## על מות מנחם לאנגינאור *

**פטירתו הפתאומית ונסיבות הפטירה של העסקן העברי המסור מנחם לאנגינאור ע"ה, עשו רושם מדכא בין העברים בניו־יורק, שעליהם נתחבב ה־נפטר. הוא היה מחונן בנפש יתירה של אמנות הציור, והוא היה האמן הקבוע של ההסתדרות העברית באמריקה, שהיה מפאר בשבילה את כל מודעותיה האמנותיות, מגילות־כבוד לאישים מצטיינים, תעודות „החודש העברי" וכו'. בהלווייתו, ש־התקיימה ביום ד', ט' בסיון, התאסף קהל גדול מקרוביו, ידידיו ומכבדיו של המנוח. הרב צבי תבורי, חבר ההנהלה של ההסתדרות העברית באמריקה והנשיא לשעבר של סניף „מוריה" בבורו־פארק, שהנפטר שימש בו במשך שנים רבות כמזכיר, הספיד את הנפטר. אנו מוסרים להלן חלק מדבריו:**

„...בשם ההסתדרות העברית באמריקה, בשם החוג העברי „מוריה" אשר בבורו־פארק, ובשם כל המשפחה העברית אשר בניו־יורק רבתי, הנני מביע רגשי יגון נוקב וצער עמוק על פטירתו הפתאומית של חברנו הנאמן והמסור, מר מנחם לאנגינאור ז"ל. הוא היה חבר לדיעה וחבר למעשה והטה את שכמו לעבודת התחיה העברית. רבות בשנים העלה את כל מרצו, חלבו ודמו על מזבח השפה העברית. ולא למען עברית גרידא עמל האיש אלא למען לשון־הקודש. שפתו היתה תמיד טהורה וקדושה. חז"ל לימדונו: „והוה זהיר במצוה קלה כבחמורה, שאין אתה יודע מתן שכרן של מצוות". והרמב"ם מפרש: „מצוה קלה כגון מה? — כגון הדיבור בלה"ק!"... „והרי ידועה לנו גם אמרתו של הרמב"ם על התמחות במקצוע אחד: „מעולם לא נצחני אלא בעל מלאכה אחת!" ראוי לאדם שיצטיין בדבר אחד, שבו הוא מוצא את שורש נשמתו. ר' מנחם ב"ר ישראל זהיר היה בכל מצוות התורה, אולם את הדבור בלה"ק בחר לו לחלקו ולחבל נחלתו.

„...רבות בשנים היה המזכיר של החוג העברי „מוריה", והנה פתאום נלקח האיש מאתנו. אתמול בלילה הוליך את בנו לחופה, והבוקר נקרא לישיבה של מעלה.

„...ואף שאין לנחם את האדם בשעה שמתו מוטל לפניו, הננו אומרים לרעייתו: נברך את ה' על שמנחם זכה לחנך את בניכם לתורה והוליכם לחופה. הוא הניח בנים כמותו, ומי שמניח בנים כמותו אינו מת אלא נאסף אל עמיו. בניו ימשיכו את דרכו בחיים תנצב"ה".

---

* „הדאר" מיום י"ח בסיוון תשכ"ה

מ ש ה י.

מ. וח.

# עלייתנו וראשית צעדינו בארץ

עם כל עירנותו הציבורית לא נתן לנו תחילה אבינו, ר׳ אברהם־אלתר מונטג, לעלות ארצה. בעניינים אלה רצוי היה לו להיות דווקא מצידו של ד״ר לוונשטיין ולא מצד ד״ר ציפר. ושנית, בענייני גאולה ומלכות ישראל אפשר לסמוך על אבינו שבשמים, ואין לדחוק את הקץ...

אך בתנועת „השומר־הצעיר״ בטורקה חשבו בימים ההם, בשנת 1920, אחרת. ההכנות לעלייה היו במלוא תוקפם והימים הם ימי תל־חי ויוסף טרומפלדור ואנו ערים לכל ידיעה ולכל רחש מן הארץ.

השיר הפופולרי ביותר היה אז בטורקה „בתל־חי, שם בגליל, טרומפלדור נפל״. השיר הזה חובר בקבוצת טורקה ואיננו יודעות, כיצד התגלגלו הדברים והשיר הזה היה שיר ארצישראלי דווקא...



„השומר־הצעיר״ בטורקה

אכן, הוזהר הוזהרנו, כי עשויים אנו להיות מוזעקים לעלייה מידית, וכי עלינו להיות מוכנים בכול, עד הפרט האחרון, עם הקריאה הראשונה...

בראש הקן הטורקאי עמד אז אבא חושי. וברצותו לדעת מי ומי העולים הזעיק באחד הלילות את אנשיו: „עולים ארצה!״ התייצבנו אז, כפי שהתייצבנו ומידת הנכונות נקבעה...

והלחץ בביתנו על אבי המשפחה, שירשה לנו לעלות, גבר. באין ברירה, נסוג ר׳ אברהם־אלתר קמעה — הוא הרשה לעלות לאחת, אך לא לשתיים בבת־אחת. הבחירה נעשתה בפשטות מוחלטת: הופל פור ויצאתי בגורל...

בקבוצה הראשונה, בהנהגתו של אבא חושי, היו אז: הלה רייפלר, דבורה אפריל, מרים מונטג, חוה ברמן, חנה מונטג, יהושע וייס, אלעזר וייס, אנשל טרייבר ואהרן רוזלר. בתחנת לבוב הצטרפו אלינו חוה, אמו של אמנון לין, ויוסף פוקס מזמושץ. הנערה והנער פרצו בבכי. אמם, שעמדה על־יד הרכבת, אמרה לחלוציה: „אם בוכים אתם, רדו מן הרכבת...״



„השומר־הצעיר״ בטורקה; למעלה מצד ימין — אבא חושי.

לבוב — וינה — טריאסט ברכבת. מטריאסט הפלגנו באניית משא יפאנית „ניפון" עד פורט־סעיד. הנסיעה נמשכה 21 יום. שהינו בעיר יום־יומים ולאחר ימים מספר הגענו ליפו.

*

לאחר שבוע של שהייה ביפו, עמדו לשלוח אותנו לעבודה. אנו דרשנו — ובעיקר אבא חושי עמד על כך — כי נישלח לגליל. קולטי העלייה התנגדו תחילה לכך — בעיקר היתה ההתנגדות לבחורות — אך בסופו של דבר הסכימו, והגענו לראש־פינה.

והימים ימי קיץ. התחלנו לעבוד בכביש ראש פינה—מחניים. מקלחת לא היתה והיינו מוכי חררה. ביקב, בו ישננו, שרצו העקרבים. באחד הלילות הגיע אלינו מהמושבה הרופא רדובנסקי והקים אותנו משנתנו: „אתם שוכבים על עקרבים!"... בהתערבותו קיבלנו לאחר־מכן שני חדרים וישננו על הרצפה. כרים לראשינו כמעט לא היו לנו... עבדנו אז קשה מאוד. קמנו לילה־לילה בשעה 3 אחרי־חצות, כדי שנוכל לסיימה לפני חום־היום... גרנו למטה במושבה,



בראש־פינה 1920

**אצל טורקניץ, ואילו מקום סעודותינו היה למעלה. וקרה לא פעם, שאנשינו לא הופיעו לארוחה — לא היה כוח ללכת...**



**וימי החורף הראשון בארץ** מתקרבים. **הורגשה אז בארץ פעילות מפלגתית מוגברת.** מ**ועד ועידת היסוד** של **ההסתדרות התקרב.**



ראשוני השומר הצעיר, שעלו ארצה בשנת 1920:
עומד: אבא חושי; מימין — יהושע וייס; משמאל — אנשל טריבר.

קבוצתנו ירדה אז לחרתיה לקראת התחלת סלילת הכביש חיפה—ג׳דה. לאחר־מכן התאחדנו עם קבוצת „שומריה״, שהקימה אוהליה במקום שם קיים כעת קיבוץ יגור.



מאיר יערי ושומרים אחרים היו אז בביתניה עילית — ואבא חושי ומרדכי שנהבי התחילו לארגן את העובדים על הכביש ב„שומריה״. אז קשרנו קשרים עם ביתניה בדבר ייסוד קיבוץ.

וההסתגלות לעבודה קשה לא היתה כל־כך קלה. זכורני, ביום כיפור אז, ישבתי בחרתיה על גל אבנים וחלמתי על... הבית. אני בבית, בלי פורונקלים, בלי חולי עיניים. כן, חלמתי על הבית...

ובינתיים צריך לעבוד! קבוצת טורקה יצאה ב־15 איש לעבודה. והיתה התחרות: מי יעשה „גל״ חצץ גדול יותר... אמנם, צצו אז היבלות על הידיים. אבא חושי, שהיה צריך לשמש דוגמה, היה מיובל ביבלות... והיה צורך להכין גם ארוחה. ללא אש, ללא עצים — כמה קוצים — בקצת אורז וצימוקים. האנגלים שילמו אז בעד העבודה במצרכי אוכל: בדגים, בג׳ם (כעין ריבה), בקמח. ואנשינו אכלו את האוכל הזה ולקקו את האצבעות! אכן, היו אלה זמנים טובים, כי התקרבו ימי חוסר־עבודה מרים...



כביש חיפה—ג׳דה.

ימיה הראשונים של ההסתדרות; התחלנו לחלום על התיישבות. קבוצתנו, קבוצת טורקה, בלטה בכל מקום. היינו מחושלים וממושמעים; ידענו גם לשיר... עם בואם של אנשים נוספים מפולין התחלנו לדבר על „בית אלפא״ ועל „משמר העמק״.

ועם התקדמות העבודה על הכביש זז המחנה כולו בכיוון חיפה. חנינו ליד הקישון. וקרה פעם והנהר גאה והציף בלילה את אוהלינו; עד למיטות הגיעו. הכול שקע בבוץ. עם גמר כביש חיפה—ג׳דה התפרקה הקבוצה: חלק הלך לבית אלפא וחלק עבר לחיפה.

מאיר האופטמן
רמת־חן

# בחתירה לחופי המולדת



יולי 1939. החום היחסי לעיר קרפטית מציק. הנוער, שבחלקו „יושב על מזוודותיו" ומחכה לעלייה לארץ ישראל, ובחלקו מסתובב ללא מעש, מחוסר אפשרות להסתדר בעבודה כלשהי, נוהר לעבר השני של הנהר ליהנות מהרחצה במימיו הצוננים.

וכאילו „להכעיס": דווקא באותו שבוע, בו התחלתי את חופשתי, בא היום הנכסף, לו חיכינו שנים — מברק מה„מרכז" מודיע על מועד העלייה. אנחנו (עם אשתי ואחותי) עושים את ההכנות האחרונות, בהתאם לחוזר שקיבלנו. וההוראות קצרות הן — מותר לקחת רק 25 ק"ג מטען. ואחר־כך עוד שורה של הוראות, שכל־כולן בחינת איסורים הן: אסור שידעו, כי נוסעים אנו — העלייה היא בלתי לגלית; אסור לערוך מסיבות פרידה; אסור להילוות לרכבת. אפילו על־ידי הקרובים ביותר, לרבות ההורים.

לעולם לא אשכח את הרגע הזה. כאילו היה זה רק אתמול. „המונית" (עגלה רתומה לסוס) הגיעה, טוענים את התרמילים. לחיצת ידיים ונשיקה קצרה של ההורים. בתחנת הרכבת התכנסו, בכל־זאת, חברים מלווים במספר רב. הלב דופק בחזקה, הידיים רועדות —והרכבת זזה... בעד החלון של הרכבת הנוסעת אני רואה את אבא ואמא — שמילאו בקפדנות אחרי ההוראות ונשארו בבית — רק מנפנפים קלות ביד, שלא ייראו, חלילה.

אינני יכול לסלוח לעצמי עד היום הזה — למה, בכל־זאת, היתה מוכרחה להיות פרידה כזאת דווקא. ועוד מהדהדות באזני המילים האחרונות של אבא: „מי יודע, אם עוד נתראה... המצב בעולם מתוח — מי יודע?... גם בעיר מורגשת היתה איזו תכונה מיוחדת. בלילות שמעו צעידת חיילים. לא התכוננו, חלילה, להקביל את פני הפולש הידוע, אלא מצאה לה פולין דווקא אז את ההזדמנות לגמור איזה חשבון ישן־נושן עם צ'כיה — וריכזה את צבאה בגבולותיה.

*

בוורשה קיבל אותנו בפעם הראשונה שליח מהארץ, שצריך היה להיות גם רב־חובלה של האנייה. וכאן שמענו מילים רציניות למדי: הדרך קשה היא וכרוכה בסכנת נפשות; ברומניה הגבול כבר סגור, ורק אחרי משא־ומתן מייגע של שלושה ימים ניתנה לנו עוד אפשרות לעלות על האנייה. הקבוצה השנייה, שפגשנו בדרך — אותה החזירו לפולין.

קראנו פה־ושם על אנייתנו, אך איש לא תיאר לעצמו את התלאות שימצא ב„טייגר היל", אשר הובילה 750 ממיטב חלוציה של פולין. תחת דגלה של פאנמה תעתה בדרכי הימים 5 שבועות, מבלי יכולת להביא את המיטען היקר לחופי הארץ.

מי יכול לשכוח את הימים והלילות הרבים ההם של ישיבה בצוותא באנייה בלב ים?! המילה „הבית" שזורה היתה בכל משפט ומשפט. חוסר־כול מוחלט שרר בכל פינה: לא אוכל, לא מי שתייה, לא רפואות לחולים. היוכל מישהו לשכוח את הלילה האיום ההוא: כיבו את האורות מוקדם יותר מהרגיל, הכול שוכבים על הדרגשים, ופתאום שומעים תכונה מוזרה מיוחדת: סוחבים „משהו". אחרי כן שומעים משהו הדומה להספד, השלכה לים — ודממה... כך הבאנו ל„קבורה" את קרבננו הראשון. אך לא היה הוא גם האחרון.

ושוב ים וים; כל מיני שמועות; העצבנות גוברת: הלילה אנו עולים לחוף. שוב אורזים את החבילות; מכבים את האורות ומתקרבים במהירות; רואים גם גבעות... מישהו לוחש, הנה חיפה... פתאום מתקרבת סירת מוטור, שומעים פקודות באנגלית ובגרמנית, טירטור מכונות ירייה — והאנייה עושה מפנה חד ובמלוא המהירות מתחילה לברוח... והמאזן טרגי מאוד: שני קרבנות נוספים. היתה זאת „קבלת הפנים" של ממשלת המאנדט.

המאורעות מתפתחים במהירות. אחד בספטמבר 1939. הרדיו מודיע על פרוץ המלחמה והפלישה הנאצית לפולין. עכשיו אין עוד צורך לשמור על שלמות האנייה — לא תהיה עוד עלייה... לא יהיה עוד את מי להעלות; לא יהיה עוד למי לכתוב; לא נוכל עוד להרגיע את ההורים ולכתוב אליהם, כי עוד נתראה...

משה ישראלי
קרית־חיים

# עליית בעלי משפחה לארץ



את החלוצים, חברי תנועות הנוער, שע־לייתם החלה בשנת 1920, ליוו בני העיר בהמוניהם — בשירה, בזמרה ובהתלהבות; לא כן היה מצב רוחם של העולים הקשישים ושל מלוויהם, עת עזבו את טורקה לעלות לארץ. עולים אלה היו בעלי משפחות מטו־פלים בילדים שטרם התבגרו, ומלוויהם נפ־רדו מהם ברגשות מעורבים; גם נדו להם.

עלייתם התחילה באמצע שנות העשרים והיא נמשכה לאט, לאט. בארץ שרר אז חוסר עבודה, שילטונות המנדט לא תרמו כמעט ולא כלום להקל על המצב, והרבה בחורים צעירים הסתובבו בחוצות הערים ללא יום עבודה; ברור, על כן, עד מה גדולים היו הקשיים של בעלי המשפחה. אנשים קשישים ללא הרגלי עבודה פיזית, ללא אמצעים מתאימים. היתה זאת מצדם העזה גדולה ואומץ לב — ללכת לארץ לא נודעת, בעלת אקלים שונה משל מקום מוצאם, ולו גם אלה מביניהם, שעלו בעקבות בניהם החלוצים. אכן, הם נאבקו די קשה וזמן די ממושך עד שהסתדרו איכשהו. וראוים אלה החלו־צים הקשישים, שנעמיד להם כאן ציון לשבח ולתהילה, שעם עלייתם וסבלם הוסיפו נדבך רציני לבנין הארץ.

## זישא פייסט

זישא פייסט היה יהודי עמל, שחי כל ימיו מיגיע כפיו. וראוי לציין, שיהודי עממי זה ואשתו הבינו כבר אז, בהתחלת המאה הנוכחית, לתת לילדיהם, נוסף על לימודי התורה בחדר, בסביבה חסידית, האפשרות ללמוד בבתי ספר חילוניים לימודים כלליים. זישא פייסט עלה עם משפחתו, שביניהן בנות בגיל בית הספר, בעקבות בנו, ראשון הראשונים לעלייה מבני עירנו, הלא הוא אבא חושי, מנהיג הפועלים הידוע, וכעת ראש עיר חיפה. זכורני, כשהלכתי לפגשם ביום הראשון לבואם, הבחנתי, ולו רק ממבט עיניהם, את החרדה לבאות.

ולא במעט קשיים נתקלו עד שהסתדרו איכשהו, לפי התנאים דאז. והיו שמחים בחלקם. זישא ורעיתו נפטרו בחיפה בשיבה טובה והשאירו אחריהם משפחה ענפה, המעורים בחיי הציבור בארץ.

## אביש ברמן

דמות מעניינת בנוף האנושי בעירנו. מיזוג חסידות ויראת שמים בידיעות בהליכות העולם. מחסידי האדמו"ר מבוין (גזע ריזיני). איפיינה את החסידים האלו הדבקות ללא סייג ברבם וכן ההידור החיצוני. אביש ברמן היה מלכד סביבו את חסידי בוין, שמעטים היו, אבל מחוננים במידות הטובות של החסידות, שהמידה החשובה ביניהן היתה זאת הקרויה כעת עזרה הדדית. אז, לפני יובל שנים, היתה מידה זו להם לקוו המנחה את הווייתם.



ביתו שימש מקום כינוס לאנשי שלומו. בעיירה היו מכנים אותו „הקונסול של בוין". לר' אביש ברמן היתה גם ידיעה בשפות המדינה, וביחוד בשפה הגרמנית, שפת השילטון. הוא היחיד מבין יהודי העיירה מסוגו, שהיה חותם קבוע על העיתון הרשמי של המונרכיה האוסטרית־הונגרית „די נייע פרייע פרעססע", העיתון שד"ר הרצל היה אחד מעורכיו, ושהופיע בווינה. אמנם, כל תאבי הדעת ב„פוליטיקה" ובחדשות מהעולם הרחב מצאו את מקור הידיעות אצל ר' אביש, ובכל יום אחה"צ אפשר היה לפגוש בחנותו אברכים וגם קשישים, כשהם מתווכחים ומחליפים דעות על הנעשה בעולם הגדול.

ר׳ אבוש, לבד מהמסחר שלו, היה ידען רציני בהנהלת חשבונות מודרנית, לפי המושגים דאז. ומנהג יפה היה בידיו: כל כמה שנים היה מקבל נער, בן מאנשי שלומו, כעוזר בחנותו, ותוך כדי עבודת הנער הדריך אותו בהנהלת חשבונות והקנה לו מקצוע חשוב בחיים. ואמנם, באופן כזה הקים דור של אנשי מעשה לתהילה.

מטבע הדברים הוא, שר׳ אבוש, כעסקן ציבורי ובעל דעה, לא ראה בעיין יפה את הפירצה בחיים המסורתיים בעיירה. וכשהתעוררה התנועה הציונית, לפני מלחמת העולם הראשונה ולאחריה, התנגד לה באופן אקטיבי, כאחר והיא סחפה אתה את מיטב בני הנוער, וביניהם רבים מחוגי החסידים. ואף־על־פי־כן היה הוא יריב הוגן מאוד. השיחה או הוויכוח עם אותם המופקרים, כביכול, לא היו מלווים קטטות או בזיונות, כדרך „מלחמת קודש״, אלא בשובה ונחת ובדיבורים של טעם ניסה לשכנע את אותם הצעירים הנלהבים, שחטא הוא לעם ישראל אם דוחקים את הקץ...

אך צחוק הגורל הוא, שר׳ אבוש, בערוב ימיו, עלה עם משפחתו לארץ... הוא עלה בעיקבות בתו, חוה, שעלתה עם קבוצת „השומר הצעיר״ הראשונה, ומתה כאן בדמי ימיה. אנו, הצעירים, שזכרנו את דבר התנגדותו של ר׳ אבוש לציונות ולעלייה, קיבלנו אותו בעלותו ארצה לא ברגש של נצחנות, אלא בסיפוק רב, שגם בחוגים מסוגו התחיל להתעורר הרגש הלאומי.

לאט לאט הסתדר ר׳ אבוש ותרם במשהו לכלכלת הארץ, שהיתה באותם הימים מצערה ודלה. יצר לו במשך הזמן חוג חסידים מאנשי שלומו, ובטוחני, שבסתר נפשו הרהר לא אחת בדבר צידקתם של אותם הצעירים הציוניים בעיירה, להם התנגד כל־כך.

נפטר בשיבה טובה בקרית מוצקין. יהי זיכרו ברוך.

## דניאל ארטל

דניאל ארטל, אשתו ובניו ,גם הם עלו ארצה בעיקבות בנם אהרון, שהגיע לארץ בשנת 1920 עם ראשוני החלוצים בתקופת „הכבישים״. יהודי בעל בעמיו, עסקן ציבורי רציני בעיירה. בעלותו עברו גם עליו חבלי קליטה קשים, וביחוד המעבר מאמידות, שבעיירת מוצאו, למצבו החדש. אבל דניאל ארטל, בעל ההומור השופע ומצב הרוח הטוב, שלא עזבוהו גם בזמנים קשים, ידע להתגבר ולהיקלט בארצנו, והיה מכובד מאוד בסביבתו, סביבת בני גילו הקשישים.

ניפטר בחיפה והשאיר משפחה מעורה בחיי העבודה ובתנועת הפועלים.

## משה נאגלר (משה פייבושיס)

בפסיפס המשפחות אזכיר את משה נאגלר, שעלה לארץ גם הוא בעיקבות בתו, חברת קיבוץ מרחביה בעמק יזרעאל. נאגלר, הנקרא בפי עירנו משה פיבושיס היה יהודי ישר דרך, ומקום מושבו בעיירתנו היה כעין פרוור של יהודים, ש־פרנסתם חלקה מסחר וחלקה ממשק עזר חקלאי. גידל את ילדיו לתורה ולעבודה. גם עליו עברה כוס קשי הקליטה בתקופה ההיא. אך לאט־לאט הסתדר בחיי עבודה בארץ ונפטר בשיבה טובה. השאיר את ילדיו, כשהם עסוקים בהוראה ובעבודה, ונותנים חלקם בבנין הארץ.



כן ייזכר לטובה יעקב גרסטל. פועל בניין מעולה עוד מחוץ־לארץ; התערה בארץ במקצועו עד מהרה.



האלמנה טריבר, שעלתה ארצה בעיקבות בנה אנשל, חבר בית־אלפא, מראשוני „השומר־הצעיר". השתקעה בחיפה ונאבקה קשות עד שהסתדרה איכשהו ביחד עם ילדיה. קיבלה הכול בלי טרוניות, כדרך נשים יראות שמים.

## מאיר קלייסט

לאחרונה מחובתי להזכיר כאן את חברנו היקר מאיר קלייסט, שנפל כקרבן עבודה במחצבות עתלית, שסיפקה חומר לבניית נמל חיפה — והוא עדיין בדמי ימיו.

מאיר הגיע ארצה בראשית שנות העשרים, אחרי שובו לעיירה משביו ב־איטליה במלחמת העולם הראשונה. בעליזותו ובשיריו האיטלקיים, שהספיק לרכוש בתקופת שביו, הנעים לא פעם את יושבי האוהלים בעמק הזיתים בחיפה, אנשי עיירתנו ומחוסרי העבודה.

וכשהגיע לאחר סבל לא מועט לעבודה מסודרת התאכזר עליו הגורל — והוא נהרג בתאונת עבודה. בצער ובכאב נזכרהו.

# לזכר נעדרים

## מנס ברנס

מנס בן פייגה ולייב ברנס נולד בשנת 1903 בטורקה. אחר גמר לימודיו התיכוניים המשיך לימודיו בבי"ס גבוה למסחר בווינה. הוסמך בתואר ד"ר ל־כלכלה באוניברסיטה שבפלורנץ.

בשובו לטורקה הצטרף מ. לחוג חבריו הפעילים בפעולה ציונית ענפה. היה ממייסדי „גורדוניה" ואחד המדריכים הפעילים בסניף. מטעם מפלגתו ותנועתו היה שליח ציבור במוסדות הקהילה שבעיירה.



בעלותו ארצה בשנת 1935 הצטרף לקיבוץ כפר החורש, ומסיבות שונות נאלץ לעזוב ולעבור לחיפה. היה חבר נאמן ומסור להסתדרות. היה חבר ה„הגנה" ובמלחמת העולם השנייה היה בין המתנדבים הראשונים לצבא הבריטי, חאת למרות גילו המבוגר. בזכות ידיעותיו בשפות שונות והשכלתו האקדמאית צורף לחיל־התעופה, וכפקיד מילא תפקידים חשובים ואחראים.

אחרי שיחרורו נתקבל כמנהל חשבונות בקופת חולים בחיפה. גם בעבודה זו מילא את תפקידו במסירות רבה. היה חבר ועד העובדים, בו היה פעיל ומסור. מנס נפטר בשנת 1953. הניח אשה, לאה מבית לנגנור, בת ובן.

ל. ב.

## אייזיק יצחק קורץ

לסיום הספר הזה לא זכה אייזיק. הוא נענה לפניית המערכת וכתב מאמר, המתפרסם בספר זה, ראה הגהתו — אך ניבא בעצמו, שאת סיומו לא יזכה לראות. ידע האיש את אשר ניבא. אכן, הלך האיש מאתנו בטרם עת.

אייזיק היה חלוץ. עלה ארצה בלהט של ציונות. השתלב יפה בבניין הארץ ואהב כל פינה בה. כל יוצאי טורקה הכירוהו בשל היחלצותו לעזרה לכל עולה חדש מבני עירו, ועל־כן כינוהו בשם „הקונסול של טורקה". היה ממייסדיו ומפעיליו של ארגון יוצאי טורקה בארץ והיה הרוח החיה באספות ובאזכרות של בני עירנו.

לחם תמיד למען הצדק והיושר והאמת במוסדות ההסתדרות והממשלה ולשם צדקו מוכן היה להקריב את הונו ואונו. אכן, על מזבח המלחמה הזאת נתן את חייו.

לאחר מות אשתו לא התאושש, דעך והלך עד שהמוות גבר עליו. יהא זכרו ברוך.

א. שפר

## טוביה ארטל

טוביה ארטל נולד בשנת 1911 בעיר טורקה שבגאליציה. מילדותו נכנס לתנועת השומר־הצעיר והיה מהפעילים והמפעילים בקן. זמן קצר היה בפלוגת ההכשרה בלבוב עם קיבוץ „מסד" (שהצטרף לקיבוץ תל־עמל בארץ). בשנת 1939 עלה ארצה ונכנס לעבודה בענף המידגה. צנוע ומסור, רוחו טובה עליו תמיד, איש רעים בעבודתו. שנה וחצי לאחר בואו לקיבוץ הוא נענה לתנועת ההתגייסות לצבא ונשלח ליחידת התותחנים, בה שרת קרוב לחמש שנים: בארץ, בקפריסין, ובהיוסד הבריגאדה הוא מצטרף אליה ונשלח לאיטליה. בתקופת שירותו בצבא הוא בונה את קן משפחתו, ונולד לו בן.

לאחר גמר המלחמה חזר טוביה מהצבא, עייף מנדודיו הרבים. הוא שאף להשתרש במשק ומיד נכנס לענף קבוע. ראינוהו בלבטי ההסתגלות אף הכרנו את רצונו העז להתקשר מחדש לחיי העבודה והחברה.

אדם שקט וצנוע, מסור למשפחתו ואב אוהב לבנו, נאמן בית הקיבוץ ומפלס בו נתיב לחייו. בשעות הפנאי היה מצייר, חולם על אפשרות פיתוח

האמנות בחיי הקיבוץ, ומהנה בציוריו ובקישוטיו את החברים בחגים ובמסיבות הפנימיות. בימיו האחרונים חלם על שיכלולים בחדר־הקריאה, שהתנדב לטפל בו והוא מלא תכניות למכביר.

כחטף בא המוות. יד רשע פגעה בו ועקרתו מאתנו. נפל בשבת השחורה.

(מתוך חוברת בהוצאת קיבוץ „השומר הצעיר", תל־עמל)

## יצחק זוהר (שיין)

לא מסוג ה„נלווים" היה ואומרי „אמן".

איצ׳יו לא היה שייך לאלה האדישים וה„נוחים", שזרם החיים עובר על ידם. את עמדתו לבעיות חיינו היה קובע מבלי לשקול קודם לכן את ה„כדאיות" שבדבר. כל ישותו אמרה עמידה עצמית, אקטיבית מתמדת בסערת החיים. האימפרטיב הקטגורי שלו היה מצפונו, צו פנימי. כגון אלה קרוצים לרוב מחומר קשה.

איצ׳יו לא היה „נוח לבריות", לעתים קרובות למדי היה מתנגש עם חברים. אולם באותה המידה לא היה „נוח לעצמו". הוא לא עשה לעצמו את המלאכה קלה. הוא לא חשש בפני „אי הנעימות" הנובעת מאמירת ה„אמת" לחבר או לקיבוץ כולו, הוא היה נכון תמיד לקחת על עצמו את האודיום של אי פופולאריות ואת הסיכון של „פגיעה". הוא לא נרתע אף פעם להישאר בודד בעמדתו. בודד, אבל לא מבודד. כי אף בזמן שהיה נשאר יחידי בדעתו, הבינונו לרוחו וידענו, כי ממעמקי המחשבה הזכה הוא שואב.

אמנות הגמישות וההסתגלות לא היתה מנת חלקו, אבל בסגולה אחת יקרה חונן: ביחסיו עם חברים לא השאיר משקע ומרירות, לא בלב עצמו ולא בלב זולתו. ואת דין הרוב ידע לקבל על עצמו ברצינות ובאהבה. ואנחנו גמלנו לו זכות זו. אם גם לעתים קרובות במיעוט היה, הרגש הרגיש, כי לא לתוך חלל ריק הוא מדבר וכי לב החברים פתוח לקראתו תמיד.

*

איצ׳יו נמנה עם דור המייסדים של הקיבוץ; מראשוני בוני מרחביה שלנו היה ונאמניה. משחר ילדותו ארג בין הרי הקארפאטים ועל נהרות פולין את חלום השיבה למולדת, לעבודה, לחקלאות ואת חלום החברה השיתופית.

ריקמת חיינו השיתופיים היא ריקמה חיה. בונה, יוצרת, לוחמת, כואבת. איננו עשויים ברגים, ברגים במערכת המשק, במנגנון העשיה הקיבוצית. תאים, תאים חיים, נושאים של אורגניזמוס חי עשויה חברתנו.

והיה ונעקר מתוכנו אחד, איככה נמלא את מקום החלל הריק שהוא משאיר אחריו?

טבע בכינרת.

(מתוך חוברת בהוצאת קיבוץ „השומר הצעיר", מרחביה)

## נחה לרר

נסתלקה מאתנו בארץ נחה לרר לבית ברונר. דמותה הנערצת תישאר חקוקה בלב מכריה ומוקיריה, ובעיקר בין אלה, שפעלו אתה יחדיו.

פעולותיה התחילו עוד בבית, בעיר הולדתה טורקה, בקן השומר הצעיר. היא עוזבת את לימודיה בלבוב וחוזרת לטורקה, והיא אז אחת ממייסדי „החלוץ" בעיר וחברה פעילה במזכירותו. בהכשרה עובדת נחה מצאת השמש עד לבואה, בידעה, כי זוהי רק התחלה להגשמה חלוצית. שמה הולך לפניה — מי לא ידע את מרצה וטוב לבה?



נחה עולה לארץ, לקיבוץ בנס ציונה. אין דבר קשה בשבילה. אוהבים אותה בשיחה ובוויכוח ומתחשבים בדעותיה. וכשעזבה את הקיבוץ היא ממשיכה במסורת החלוצית. עבודתה בוועד ארגון אמהות עובדות מקנה לה שם בנס־ציונה. ביתה פתוח תמיד לעצה ולהדרכה.

פרק מיוחד בחייה היא קליטת עליה; היתה זו אצלה עבודת קודש. כל הדברים היום־יומיים נעשו אצלה טפלים; עוזבת את הבית וקולטת עולים. היא משרה מרוחה על אחרים, שילכו בעקבותיה.

יד הגורל המר קיפדה את חייה הצעירים והרעננים באמצע. לאסון משפחתה ולשברון לבם של כל ידידיה וחבריה בארץ.

ג. ג.



טורקאים בישראל באספת אזכרה.

זרח שיין

# די טורקער יידישע יוגנט
# אין די 20־ער און 30־ער יארן



טיילמאל פלעגט אונז, יידישע יוגנטלע־כע פון טורקא אין די 20־ער און 30־ער יארן פון אונזער יארהונדערט, אויסקומען צו הערן ביים באקענען זיך מיט חברים און פריינד פון די שכנותדיקע שטעט און שטעטלעך (ניי און אלט־סאמבאָר, דראָהאָביטש, באָריסלאוו, סטרי, סקאָלע א.א.ו.: „פון וואנעט, פון טארקע״ (אדער פון טורקא), פון דארט ווו דער הימל איז פארשטעקט מיט שמאטעס״? מיר פלעגן מיט גרויס פארוואונדערונג אויסהערן די דאָ־זיקע אנאכראנישע (נאך פונעם 19־טן יאר־הונדערט, ווען דורך די מזרח־בעסקידן איז נישט געווען דורכגעלייגט קיין באן־ליניע, און טורקא איז געווען בערך 50 קילאמעטער ווייט פון דער באן־ליניע) כאראקטע־ריסטיק פון אונזער לעבעדיק און קוועקזילבערדיק שטעטל, וואס איז אגב געווען א פאוויאטאווער אדמיניסטראטיווער און האנדלס צענטער פון בערך 80 דערפער, געהאט א באדייטנדיקע (לויט יענע יארן) האלץ־אינדוסטריע (4 טארטאקן, דערונטער איין גרויסער טארטאק מיט 12 גאטערן און א גרויסע קעסטלעך־פאבריק, מיט העכער 500 אוקראינישע, פוילישע און יידישע ארבעטער) און ממילא אויך א באדייטנדיקן האלץ־האנדל און א באדייטנדיקן עקספארט פון האלץ און ברעטער.

אבער נישט די דאזיקע טעלעגראפיש־אויסגערעכנטע עקאנאמישע שטריכן פון שטאט פלעגן זיין די סיבה אונזער פארוואונדערונג. די עיקר־סיבה איז געווען דאס, וואס דער משל מיטן „הימל, וואס איז פארשטעקט מיט שמאטעס״ איז געווען אויף 180 גראד אין פולסטער סתירה צו אונז, צו דער טורקער יידישער יוגנט, פון יענע יארן. די יידישע יוגנט פון אונזער שטאט — פון אלע פאליטישע שא־טירונגען, פון דער „אחוה״ ביז צו די קאמוניסטן — איז מיט איר פאליטישער און קולטורעלער אקטיווקייט, אינטעליגענץ, פראגרעסיווקייט, מיט איר אנגאזשירטקייט

און פאראינטערעסירונג פאר די נאציאנאלע, סאציאל־פאליטישע און קולטור־פראבלעמען פון יענער שטורמישער צייט, אבסאלוט נישט אפגעשטאנען פון דער יוגנט פון די גרעסערע גאליציאַנער שטעט. פאַרקערט. אין כמות איז די צאל פראג־רעסיווע יידישע יוגנטלעכע, וואס האבן איבערגעריסן מיטן טראדיציאנעלן לעבנס־שטייגער געווען אין אונזער שטאט באדייטנדיק גרעסער ווי אין אנדערע שטעט און שטעטלעך. און אחוץ דעם האט פראגרעס פון דער יידישער יוגנט ביי אונז אין שטאט געהאט געוויסע שטריכן, וואס זענען געווען זייער סימפא־טישע און פאזיטיווע אויפן פאן פונעם סנאבישן „פאסטעמפ" אין א ריי שטעט און שטעטלעך אין גאליציען.

די צאל פון אייגענע, היימישע „שמענדריק־אסימילאטארן" (נישט רעכנדיק די צוגעפארענע) איז געווען אין טורקא א נישטיקע. רעדן יידיש איז נישט געווען קיין סימן פון אפגעשטאנענקייט און רעדן פויליש אין טאג־טעגלעכן געברויך צווישן זיך, איז ממילא ביי דער יוגנט נישט געווען קיין סימן פון פארשריט, פון „פאסטעמפ". אונזערע סטודענטן, וואס פלעגן אויף פעריען אהיימקומען פון אויסלאנד (ו. פראם, מאנעס ברענעס, פאני און פעפי לערער א. א.) פלעגן צווישן זיך און מיט זייערע חברים רעדן יידיש און אויף יידיש פירן דיסקוסיעס נישט נאר וועגן פאליטיק, נאר אויך אויף ריין וויסנשאפטלעכע טעמעס. די שומרים פון טורקא האבן — אין די שומרישע קרייזן אין גאליציע — זיך גערעכנט פאר גוטע קענער פון עברית און יידיש, פון דער יידישער און העברעאישער ליטעראטור. איך דערמאן זיך אויך, ווי א מיטגליד פונעם „פרץ פאריין" (קולטור־פאריין א. נ. פון י. ל. פרץ), וועלכער האט א צייט געארבעט אין אן אנדערער שטאט אין גאליציען, האט נאך זיין צוריקקומען קיין טורקא דערציילט אזוי: „זיי (ד.ה. אטייל פון דער יוגנט פון דער דאזיקער שטאט) לויפן מיט די סדורימלעך און מחזורימלעך דאווענען און רעדן פויליש, מיר לויפן נישט דאווענען און רעדן יידיש.."

זייער כאראקטעריסטיש פאר דער מענטאליטעט פון דער יידישער יוגנט און פאר די איינפלוסן צווישן דער יידישער יוגנט אין טורקא אין צווישן־מלחמה פעריאד איז דער פאקט, וואס ביז צו דער צווייטער העלפט פון די 30־ער יארן האבן אין טורקא בכלל נישט עקזיסטירט קיין רעליגיעזע אדער עקסטרעם־רעכטע יוגנט „פאריינען". די „צעירי מזרחי" און „ביתר" (ברית־טרומפלדור) זענען אנטשטאנען הארט פארן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און האבן קיין באדייטנדיקע ראל נישט געשפילט. פון די פאפולערע מאסן־פארטייען האט דער „בונד" קיינמאל קיין שום ראל אין אונזער שטאט נישט געשפילט, אבער דאס

